אָקטאָבער 1961

**מרים ריינעס־מעלצער / צום קוואל**

צו טייערע חברים
און קולטור מענטשן.
משה און סאָניע העלפמאן
פון מרים מעלצער

מרים ריינעס-מעלצער

# צום קוואַל

חויפט-פאַרקויף ביים י. ל. פרץ-פאַרלאַג

תל־אביב, 1961

MIRIAM RAINES-MELZER
ZUM KWAL

מרים ריינעס־מעלצער
צום קוואַל

נדפס בישראל
Printed in Israel 1961

דפוס „ארזי" בע"מ, ת"א, רח' אילת השחר 4, טל. 34294

## בריוו פון ה. רויזענבלאַט צו מרים רײַנעס־מעלצער

23 אַפּריל, 1955

ליבע מרים,

איך בעט אײַך זייער מיר מוחל זײַן פֿאַר מײַן ניט פּינקטלעכקייט אין אָפּהאַלטן אײַערע לידער אַזוי לאַנג. עס מאַכט זיך אָפט אַז איר ווערט אַזוי פֿאַרדרייט מיט די טעג און שעהן, אַז איר ווייסט ממש ניט ווּהין די צייט ווערט נעלם.

וואַרט ניט צו לאַנג מיט אַרויסגעבן דעם בוך, עס פֿאַרדינט געדרוקט צו ווערן. דאָס לעצטע ליד, וואָס איך האָב געלייענט, איז „יום העצמאות״, עס איז אַן אמת יום־טוב ליד, און עס איז אַ פֿאַרדרוס וואָס עס איז ניט געדרוקט כדי מער מענטשן זאָלן דאָס לייענען.

ווען איך וואָלט געווען געזינטער און ניט זײַן אַזוי פֿאַרוואָרפֿן מיט אַרבעט, וואָלט איך זיך אַליין אונטערגענומען צוגרייטן אײַער בוך צום דרוק.

שיק איך אײַך מײַן ברכה, אַז דאָס בוך זאָל ווי אַמשנעלסטן דער־שײַנען און מיר זאָלן האָבן נחת פֿון אײַך.

מיט גרוס צו לייזערן בין איך אײַערע

ה. רויזענבלאַט

געווידמעט מיין ליבן חבר
און לעבנס־באַגלייטער
ל י י ז ע ר  מ ע ל צ ע ר

מ ר י ם

## מיין וועלט

די וועלט, צי זי איז גרויס, צי קליין —
זי איז מיינע און וועט בלייבן מיין,
ביז דעם טאָג פון מיין פאַרגיין.

אין פרימאָרגן, ווען די זון שטיל וואַרעמט
און הינטערן פענצטער זיך צעבליט,
ווערט לויטער אויפן האַרצן און געמיט.

דאָס לעבן ווערט באַנייט מיטן היינט,
ווי דעם גלויביקן מיט זיין געבעט.
ווען אין פאַרבן דער רעגנבויגן שיינט.

מיט יעדן טאָג ווערט די וועלט באַנייט
אין גרויסן חלום צו דער אייביקייט,
און איך ווער פון שווערן אומעט באַפרייט.

# שטימונגען

טראַכט ניט, מיין לעבן, אַז אַלץ איז פאַרלאָרן,
ווען שווערע שטימונג דריקט פון וויי און צאָרן,
ווען טעג ווערן פאַרשוועכט און פאַרשטויסן די יאָרן,
צו וואָס די זאָרגן, ווען יעדער טאָג ווערט ניי געבאָרן?

ווען עס דריקט אַ שווער געפיל אין טונקעלן פרימאָרגן,
און דער אומרו, ווי אַ גרויע כמארע וואָלט פאַרצויגן,
ווען עס נאָגט דאָס האַרץ, ווערסט ווי פון יאָך געבויגן —
גייט אויף דיין קינדהייט מיט שטראַלנדיקע אויגן.

קאָנסטו, ווי דער קאַפּיטאַן, דעם רודער פעסטער אָנהאַלטן,
דאַן שווימסטו אויף בוואַליעס, און קאָנסט ימים שפּאַלטן,
ווי אין אויפגייענדיקן פרילינג, מיט שפּראָצונג און בליונג,
מיט פעסטן טראָט טוסטו דאַן דאָס לעבן אָנהאַלטן...

## ניט געזונגען ליד

עס ברוויזט מיט א ניט געזונגען ליד,
שיינט אויף ווי אין פרימאָרגן א שטראַל.
אין הארצן פול פרייד, איבערוואָגיק מיד,
פליסן געדאנקען, ווי דער אייביקער וואסערפאַל.

ניט פאַרשוועך דאָס געפיל מיט פשוטן וואָרט,
ווען שטימונגען פליען בליץ-שנעל פאַרביי.
דער אומרו בלייבט ניט שטיין אויף אָן אָרט,
ער וועקט און רופט: הייב אָן פון דאָס ניי!

אויף אייגענעם פעלד זיי אליין דער גערטנער.
פיטער דיינע שאָף מיט צאַרטן געפיל.
וועט שפע פליסן, ווי אין פרילינג נאָך א רעגן,
וועט רעגנבויגן דורכשלאָגן א וועג צום ציל.

ניט דערזאָגטע פערזן ווען זיי בלייבן פאַרבאָרגן,
און קומען ניט צום אויסדרוק פאַר קומענדיקע טעג —
ווערט מיט צווייפל געוויקלט דער מאָרגן,
און ווערטער פאַרשווינדן אויפן וועג...

# טרינק אויס דעם כוס

טרינק אויס דעם כוס פון פיין,
ווי גאליק ער זאל ניט זיין.

ווען דער בעכער אז דנא קאן זיין,
פארשיכור זיך, ווי פון שטארקן וויין.

ווען שארפע שפיז צילט אין דיר אריין,
פילסט אין דיין געביין פון וועלט די פיין.

שפרינג אלע שטעכיקע דערנער אריבער,
און צייל גיט די טריט פון יארן־טריבע.

מיט שטאלצן גאנג גייסט דו פאראויס,
אריבער אלע חורבות שטייגסטו גרויס...

# רייפקייט

עס באַווייזן זיך די ערשטע זילבער־פעדעם,
ווי אַ בליאַסק אויף טאָג, אָנזאָג פון ווייסן קאָפּ.
די רייפקייט און דערפאַרונג פון די יאָרן,
באַלויכט און שפּרייט אויס דעם וועג באַרג אַראָפּ.

דאָס פּנים געפאַלדעוועט מיט דערפאַרונג פון לעבן,
דאָס געניטע אויג, שטראַלט ווי אַ טראָפּן נאָכן רעגן.
ווערן זילבערנע פעדעם מיט חכמה געשפּונען,
און באַקרוינט, ווי דער ים־שוים, געלייטערטע וועגן.

## וואָס איז לעבן?

באַזינגען אמתדיק דאָס לעבן,
דו קאָנסט ניט אין ריטמישע פֿערזן,
ווייל גראַמען צאַמען נאָר איין
אַ לעבן, וואָס איז זאָרגלאָז און פֿיין.

טראַכסטו פֿון טאָג־טעגלעכן לעבן,
נעמט אַ קראַפֿט דיין וועזן אַרום,
און פֿירט דיך דורך בערג און טאָלן,
צום ווייטן און ברייטן אומעטום.

דערזעסטו דאָס געטלעכע וועזן,
אין דעם באַשאַף פֿון בליִונג און צוויט,
ווּ זוניק באַשטראַלט זענען וועגן,
ווּ דער מענטש שפּאַנט שטאָלץ אין דער מיט.

## זאָל זיין וואָס זאָל זיין

זאָל זיין, וואָס זאָל זיין —
מיינע קומענדע טעג.
אַוועק איז דער נעכטן,
דער היינט האָט זיין וועג.

געשפּאַנט האָב איך פאָרויס,
באַגלייט פון אייגענעם שאָטן,
זיג־זאַג, וועג־איין און וועג־אויס,
און אַרום זיינען געלעגן בלומען צעטראָטן.

איינגעהילט אין פעסטן גלויבן,
צו גאָר ווייטע וועגן זיך פאַרנומען,
מיט יוגנט־גבורה געקלעטערט אויבן,
און אַלע דערנער געוואָלט בייקומען.

זאָל זיין, וואָס זאָל זיין —
מיינע קומענדע טעג.
אַוועק איז דער נעכטן,
דער היינט איז מיין וועג.

# די ערשטע ליבע

מיר זיינען ביידע אין גאָרטן געזעסן,
האָסט לאַכנדיק מיר אין פּנים געקוקט;
די לופט האָט מיט פרילינג געאָטעמט,
ביים האַרצן האָט געניאָגט און געצוקט.

די שטערן העל האָבן געפינקלט,
דיין בליק איז געוואָרן נאָך בלויער;
געבלאָנדזשעט ער האָט אין דער ווייטקייט,
און אָנגעזאָגט שיידונג און טרויער.

האָסט געחלומט פון זועגן אין ווייטן
און איבערגעלאָזט מיך אליין,
דערוויַיל זיינען יאָרן פאַרשוווּמען...
ביסט קינדעריש געווען מיך צו פאַרשטיין.

# ליבעס־טרוימען

ליבעס־טרוימען דו פֿאַרמאָגסט,
די שענסטע אין דער וועלט.
האַלט זיך פֿעסט דיין קעניגרייך,
און פֿאַרשווער ניט דיין געצעלט.

עס וועט ניט פֿאַרלאָשן ווערן,
דאָס לעבן אין דער שטיל,
ווען האָפֿענונג שטראַמט גערן,
פֿון ליבעס־טרוימען אַזוי פֿיל.

ווען ווינט שטורעמט אין זיג־זאַג,
האַלט אָן פֿעסטער דיין געצעלט,
מאָל מיט פֿאַרבן דיין לעבנס־וועג,
וועט אויך דיין עלטער באַשיינען די וועלט.

# אַ קוש

דער קוש פֿאַרן הילפֿלאָזן קינד אין מאַמעס שויס,
וואָס נאָכן אומפֿאַלן, באַרויִקט אים פֿון געוויין,
דעם שוואַכן קינד, און פֿאַרוויגט אין מאַמעס שוים;
דער קוש נאָכן טאָג אַרבעט, ווען מען קומט אַהיים.

דער ערשטער ליבעס-קוש, אַזוי הייליק צאַרט,
אַזוי געטלעך-פֿיין, ווי די אומשולד אַליין,
ווי די שפּראָצונג און בליִונג אין פֿרילינג-צייט,
ווי טוי-בריליאַנטן אויף בלומען בלייבט שטיין.

דער מאַמעס קוש ווען קינד פֿאַרלאָזט די היים,
דער לעצטער קוש דעם זעלנער פֿאַר זיין אָפּשייד,
ווען דער טראָמפּייט בלאָזט, זיך געקושט מיט געוויין;
די נעסט ווערט בלייבן לער, פֿאַרשטילט לעבנס-פֿרייד.

אַ האַרציקער קוש, ווען דערזעסט אַן אַלטן פֿריינד,
ווען יוגנט שווימט אויף מיט הערלעכע געפֿילן,
ווען אין איבערבעטן זיך, באַנייט די פֿריינדשאַפֿט,
ווען אין פֿאַרגעבונג ווערט דאָן שנאה שטילן.

דער הייסער קוש ווען צוריקקער פֿון שלאַכטפֿעלד,
אין אָרעמס קלאַמערט דאָס געפֿונענע גליק,
מיט די צאַרטסטע געפֿילן באַרויִקט דעם פֿאַרוווּנדעטן;
דער לעצטער קוש ווען אַ פֿריינד פֿאַרגייט צו אייביקייט.

# צו אַ דיכטערין

געווידמעט מלכה לאָקער

פון דור־דורות, ווי שטאָלענע שטאַנגען,
זיינען כוחות פאַרבאָרגן אין דיר,
זין אומרו ברויזן דיינע פאַרלאַנגען,
האָסט ווי מיט שטורעם זיך געגעבן אַ ריר.

שוועבן טרוימען אין בלויען געוועב,
ווי אַן אויפגייענדער שטערן דיין זיין.
ברענגען כוואַליעס שטורעם־קלאַנגען,
נאָגט אַ פאַרבענקטער געזאַנג דיין פּיין.

טראָגסטו זיך דורך דונער־בליצן,
אויף בערג און טאָלן, מיט שטורעם־דראַנג,
דיין סטיל, מיט קינסטלער־פּען געמאָלן,
און דיין ליד, מיט ריטעם און מיט קלאַנג.

ווי פאַרביקע פאַנטאַזיען שפּריצן,
וועבסט שעפעריש קאָנטור מיט קלאַנג,
ווי מוזיק, פאַרצויבערט, פאַרכישופט,
אין הימלישע אַקאָרדן זינגסט אַ געזאַנג.

יאָגסטו זיך מיט דיין שיפל,
מיט נצחון פון דעם ליכט,
וואָס באַלויכטן האָט דיין וועזן,
און באַצויבערט ווערט דיין געזיכט.

וויגסט זיך אין שטורעם־געוויטער,
ווי אויפן שוים פון שוימיקן ים,
מיט הענט שטאַרקע, ווי ביי די ריטער,
גרייכסטו ערד און הימל מיט איין שפּאַן.

שאַפסט זיך גערן נייע וועלטן־ספערן,
פון אייזן, שטאָל און מאַרמאָר־שטיין.
באַזיגסט דעם אַלמעכטיקן שאַפן,
פון אַרבעט, טעכניק און מענטשלעך געביין.

לאָזסטו זיך דורך פעלדער און טייכן,
באַרג אַראָפּ און אויף כוואַליעס שוים.
שוועבסט דורך שטורעם־ווינטן,
אין ווייטן אומענדלעכן רוים.

וועבסט נייעם צויבער אין דיין שאַפן,
דערוואַכסט די יוגנט, גאַר אַ פּראַכט.
שאַפסט נייע צוויטן און נייעם לעבן
פון פריען מאָרגן ביז דער שפּעטער נאַכט.

# אומרו

זאָלן די כוואַליעס שטורעמען גרויס,
זאָל ברויזן און פּאַלדעווען דער ים;
זאָל יאָגן די שיף פאַרויס
צו מיין אויפבליענדן שטאַם.

אומרו, שפּאַנסט אום אויף מיינע וועגן,
פּאָלגסט נאָך ווי א שאָטן מיינע טריט,
ווען נייער אויפקום נעמט כּוח וועבן
פאַרן וואַנדערער, וואָס קומט אַהיים צוריק.

קוקסטו צו יונגע יאָרן, ווו כּוח איז פאַראַן,
שעפּסטו פון אַלטן גלויבן, יוגנט-גייסט;
ווי אין ברויזנדע ווינטן אַ שיף אויפן ים,
האָט אונדזער דור דורך שטורעם-יאָרן דורכגעררייזט.

און דורך די הימלען, אין די גרויע וואָלקנס,
פליען שטאָלענע אָדלערס צו זייער ציל,
שפּאַלטן די הימלען, דורך שנייאיקע כוואַליעס,
אין געלאַף מיט די פייגל, ווי אין אַ שפּיל.

דערפיר זשע מיך, גאָט, צו יענע ברעגן,
וואָס מיליאָנען הערצער גאַרן נאָך זיי,
און שטיל דעם שטורעם אויף די אויסגעחלומטע וועגן,
צום אויסגעלייטערטן היימלאַנד וואַהין איך גיי.

## דער יונגער בוים

דער יונגער פרוכטבארער בוים,
באַקרוינט מיט ווייסינקע צוויטן,
באַפּוצט דעם דרויסן, מיין פענצטער —
זאָל דער ווינט ניט צעשיטן די בליטן.

די זון צעוואַרעמט דעם וואָרצל,
און צעעפנט אין בליונג די קנאָספּן.
אויף יעדן צווייגל ווי אַ גרין ניסל,
צייטיקן זאַפטיקע מאַראַנצן.

אין מיין פענצטער שמייכלט אַריין
אַ באַניימטער, גרינער פרילינג־טאָג,
פרוכפּערט זיך דער בוים אין זונען־שיין,
זאָל ער פאַרצערט ניט ווערן פון ווינטן־יאָג.

עס זאָל שטורעם ניט צעשיטן יונגע בליטן,
גאָט זאָל זיין געשאַנק מיט בייז ניט צעשטערן;
זאָל אין יעדער שטוב די מזל־ברכה קומען גערן,
זאָל דאָס געמיט צום לעבן אונדז באַקערן.

## עס בליט דאָס פעלד

עס שפּראָצט און ס׳בליט דאָס פעלד,
מיט רויזן און מיט ליליען.
אַ פעלד מיט קאָרן־שוועסטערלעך קוועלט,
עס פליען פייגל און זיי טרילען,
כל זמן די זון פאַרשיינט די וועלט.

קינדער פלעכטן בלומען־קראַנצן,
פאַרשפּילן זיך אין אַ נייער שפּיל,
שטיפעריש שפּרינגען זיי און טאַנצן.
פאַרנאַכט זיי ווערן מאַט און שטיל,
און ס׳גייט דער טאָג אַוועק אינגאַנצן.

און אַט פאַלט צו די קילע נאַכט.
אַ פאַרשפּעטיקטער פויגל ערגעץ פליט,
די לבנה שמייכלט צום בלויען טראַכט,
מענטשן־קינדער באַלויכט און באַהיט,
און ס׳ווערט די וועלט פון שטערן באַוואַכט.

# זומער־לעב

שײַנט די זון אין גאָרטן
די בלומען צו באַנײַען:
באָדט מען זיך אין טײַכל,
פֿון דער היץ זיך צו באַפֿרײַען.
מען שווימט אָן מי, אָן קומער,
פֿרײַ פֿון אַלע זאָרגן.
ווען עס קומט דער ליבער זומער,
די וועלט טוט זיך באַנײַען.
דער פֿויגל פֿון שטײַגל
וויל זיך אויך באַפֿרײַען.

## פעלד און בוים

הינטער פענצטער צעשטיפט איז
דער דריי־יאָריקער בוים.
דער ווינט וויגט די בלעטער,
ווי אין וואַסער דעם שוים.

פון אַלע צעעפנטע קנאָספּן
שפּריצט מאַראַנצן־אַראָמאַט,
דער זון־שטראַל וואַרעמט דאָס גאָלדן קעפּל,
און עס צעוואַקסט זיך דער זאַפטיקער עפּל.

עס שיינט אויף אין פרימאָרגן־באַגינען,
אַ באַנייטער יונגער פרילינג,
פילט אָן די לופט מיט שטאַרקן ווייַן
דורך די וואָלקנס זון שמייכלט און שיינט.

עס וועט נאָך גאָטס געשאַנק פאַרצערט ניט ווערן,
עס וועלן דונער־בליצן דאָס פעלד ניט צעשטערן.
מוטער־ערד וועט די זריעה פלעגן,
מיט טוי און מיט רעגן זי דערנערן.

## ווען די פרוכט ווערט צייטיק

ווען די פרוכט ווערט צייטיק,
אין וואַרעמע זונען־שטראַלן,
ווען צווייגן ווערן איבערזעטיקט,
ווי פון מוטערס ברוסט־קוואַלן,
און די רייפע פרוכט אַזוי זיס —
וועט קיין הונגער מער ניט זיין.
פון גאָטס וועלטל שעפּ דיין גענוס,
פון ווייַנטרויבן מאַך זיסן וויין.

# לעבנס־פרייד

אין די זוניקע, גליענדע טעג —
זיינעןביידע מונטער געשטאַנען,
און צוזאַמען געזייט דאָס פעלד.

אין כמאַרנע רעגנדיקע טעג,
ווען נאַס און ליימיק די ערד,
האָט זיך געלייטערט דער וועג.

ווען געוואַשן ליגט די וועלט,
פרוכפּערט זיך מוטער ערד,
בליט און קוועלט דאָס פעלד.

אין פּורפּור־ראָזעווע פאַרנאַכטן,
באַרוישט ווערן יוגנט־פאַרלאַנגען,
און רחבותדיק קרייזן די זאַנגען.

וויקלט דער טאָג זון מיט שאָטן,
גאָטס ברכה דעקט די פעלדער,
עס וואַקסט די תבואה געראָטן.

עס מערן זיך די שאָף און רינדער
אין אייביק ברייטן וועלטס רוים,
פון געטלעכן צויבער־וווּנדער.

# אָפּגעריסן אַ בלום

עס איז זוניק אין דרויסן,
אַלץ בליט און שיינט,
נאָר מיר אין דעם האַרצן
וואָס נאָגט אַזוי היינט?

עס האָבן זיך ווינטן צעבלאָזן,
אַלע פעלדער צעוויגט,
אָפּגעריסן אַ פּרעכטיקע בלום,
וואָס האָט ערשט געבליט.

און דאָס צווייגל נידערט אַראָפּ
און באַקלאָגט איר צווייט.
איז דאָס טאַקע גאָטס געבאָט,
צו פאַרוועלקן אַלץ וואָס בליט?

## ווו איז דער גערטנער?

ביימער שטייען איינגעבויגן,
די פּירות צייטיק שוין לאַנג.
ווו איז דער גערטנער אַנטרונען?
מען הערט ניט דעם שניטערס געזאַנג.

ביימער וואָס האָבן לעבן געשפּראָצט,
שטייען צעשאָסן, צעדאַרט,
צעטראָטן ליגען הורבעס זאַנגען,
דער גערטנער ליגט פֿאַרשמאַכט.

דער וואַלד שטייט פֿאַרציטערט,
ביימער צעטראָטן, צעברענט,
דער שונא האָט די שטאָט איינגענומען,
עס ליגן הורבעס צעשאָסענע ווענט.

## יאָגן שטאַרקע צפון־ווינטן

יאָגן שטאַרקע צפון־ווינטן,
צעטרייבן גרויסע וואָלקנס,
ס׳ווערט געלייטערט דער רוים.
רייסן שטערנדלעך דורך אַ וועג
דורך גרויבלויען געוועב.
קוקן אַרונטער צו דער ערד —
צי שיינט העלער נאָכן רעגן,
צי שוין אויסגעטריקנט
אַלע זומפּיקע וועגן?
צי זיינען פלעקן אָפּגעשווענקט
פון מענטשנס בלוט פאַרגאָסענעם?
צי איז געשטילט וועלטס צאָרן?
צי שפּראָצט שוין פאַר יעדן גלייך
דער ווייץ און פרישער קאָרן?
צי האָבן שוין מענטשן־קינדער
זיך דערוואַרט אויף גוטע יאָרן?
ס׳האָבן כוואַליעס זיך דערטראָגן
צו אונדז פון ווייטער ווייט.
קאָן מען פון די קוואַלן שעפּן
כוחות פאַר אַ נייער צייט?

# דער ים רוישט

דער ים רוישט אַרום די ברעגן,
ער האָט פאַרפּלייצט אַלע וועגן,
די שיפלעך צעבראָכן, פאַרטראָגן,
און מיט שוים געלאָזט זיך יאָגן.

האָבן שטורעם־ווינטן זיך צעבלאָזן,
ווי גאָט וואָלט די שטראָף אַראָפּגעלאָזן,
מיט אַ מוראדיק רוישיקן קלאַנג,
און מיר טאָרן זיך ניט באַקלאָגן.

ווי אַ בייזער אַנזאָג וואָלט געקומען,
און האָט די וועלט אַריינגענומען,
אין אַזאַ פאַרפירערישער שפּיל,
אָן יושר, אָן באַרעכטיקטן ציל.

ער דריקט צום אָפּגרונט אַראָפּ,
וואָס עס קומט נאָר אין וועג,
און בייגט איין יעדן שטאָלצן קאָפּ
און לאָזט ניט דערשווימען צום ברעג.

# א רעגן

א שוואַרצע כמאַרע איז צוגעפאַלן,
גרויער וואָלקן פאַרוויקלט דעם רוים,
עס שפּאַלט די הימלען, בליצן שטראַלן,
באַלויכטן דעם וועג צום לעבנס־טרוים.

עס בלאָזן שטאַרקער די צפון־ווינטן,
עס רייסן צווייגן, עס בויגט דעם שטאַם,
דורך וואָגל־רעגן ווערן וואָלקנס צערינען,
וועלט ווערט געלייטערט פון ברענענדן פלאַם.

צווישן נאַכט און טאָג ווערט געבאָרן,
די שפּראָצונג פון זאַפטיקע זריעה,
האָט מוטער־ערד אין טוי זיך געבאָדן,
עס בליט און וואַקסט דאָס פעלד מיט תבואה.

מיט שפע שפּראָצט און קוועלט אונדזער פעלד,
זאָל קיינער צעשטערן, קיינער פאַרצערט ווערן,
ווען עס שיינט רעגנבויגן מיט פרעכטיקע פאַרבן,
אזוי ליב, ווי א קינד שמייכלט דורך טרערן.

# אַ שטורעם

עס דונערט טיף אין די וואָלקנס,
דער הימל פאַרצויגן מיט גרויען.
ווי מיט פאַרע פרעסט די לופט,
און פאַרחושכט דעם טאָג.
קום אַרונטער, ליבער רעגן,
וואַש די בייטן אויס געשווינד,
און קיל די שטיינער פון די וועגן,
די ביימער שטייען פאַרשמאַכט.

עס בליצט, פאַרבלענדט די אויגן.
פעדעם פייער פון דעם הימל.
פייגל צו די נעסטן זיך יאָגן.
פון נאַסן געוויטער ווערן געקאַמט בייטן.
דער שטויב ווערט מיטן ווינט פאַרטראָגן.
אַלץ ווערט געלייטערט, מען אָטעמט פרייער,
עס שפּרינגען קינדער אין די לוזשעס,
עס ווערט דאָס לעבן דערפרישט און טייער.

## „ברײדל פֿאָלס“

„יוסעמיטי װאַלי“ װי אַ בת מלכּה ליגט אין פֿרײד.
װי אױסגעחלומט פֿון לױטער נאַטורס קאַפּריזן,
שעמערירט זי אין איר װײַס־פּליסיקן קלײד.
מיט זוניקע קאָלירן שפּילט „ברײדל פֿאָלס“
מיט אַ קרױן פֿון סאַפּירן און רעגנבױגן־שפּיצן,
פֿון גאָטס באַשאַף אין װוּנדער־לאַנד,
באַלעבט זי דעם טאָל מיט יוגנט־קלאַנג,
דערצײלט פֿון װעלטס שענסטער פּראַכט,
מיט אַ מעכטיק װײַס־שױמיקן געזאַנג.
זי פּליסט און שעמערירט אין דער נאַכט,
זאָגט אָן בײַם אױפֿגאַנג פֿון טאָג,
אַז אוצרות פֿון געטלעכן באַשאַף,
דעם מענטש איז באַשערט נאָך צו שעפּן.
נאָר זאָל ער ניט קלעטערן צו הױך
אין געאײַל און ניט איבערגעטראַכט...
װען דער פֿרימאָרגן װעט לױכטן אין טאָל,
װעט ער ליכט בײַ דעם װאַסערפֿאַל שעפּן.
און װערן אַ קינד אין גן־עדן פֿון אַמאָל.

# פאַרנאַכט

ווען די זון צינדט אָן אַלע ביימער,
און פאַרגייט אַריבער בערג אין פּראַכט,
און די לעצטע פלאַמען זיך בייטן,
אין בלאַסן ראָזעווען פאַרנאַכט —

נעמט די בענקשאַפט אַרום דיינע טריט,
און ציט זיי אַרויף צו די הויכן,
און באַרויקט דיין צערודערט געמיט,
און אַלץ ווערט מיט דער האַנט צו גרייכן.

פאַרגאַנגען דער טאָג מיט דער זון אין אייביקייט —
פאַלט צו די נאַכט מיט איר טרוים פאַרן מאָרגן.
וואָס געווען — איז שוין לאַנג פאַרגאַנגען,
דער נעכטן איז פאַרפלויגן מיט זיינע זאָרגן.

# אַ טאָג אַזאַ

דער טאָג אזוי גיך איז פאַרגאַנגען,
פאַרפּאַטערט אַ טייל פון מיין זיין.
ניט געהערט קיין פויגל־געזאַנגען,
ניט געוואַרעמט זיך אין זוניקן שיין.

אין שטויב פונעם רוישיקן טאָג
געאיילט אויפן הייסן אַספאַלט,
און אין ענגן טראַמוויי זיך געטראָגן,
די שפּעטע שעהן צו דעריאָגן...

און אָט איז געקומען די נאַכט,
אין פּורפּור און בלויען געוועב;
די לבנה שיינט אויף און דערוואַכט,
פאַרזילבערט דעם שטעג און דעם וועג.

## אַ זומער־אָוונט אין ניו־יאָרק

די זון אין מערב איז פאַרגאַנגען,
גרויער נעפּל האָט פאַרהילט די גאַס.
מען הערט שוין ניט קינדערשע קלאַנגען,
די לופט ווערט קיל און נאַס.
דיביימער שטייען און שווייגן,
אַ פויגל פאַרשפּעטיקטער פליט.
קיין שאָרך פון קיין צווייגל,
די לופט פּרעסט און דריקט.

## ווי לאַנג וועט זיך ציען די נאַכט?

אין בין השמשות גייט אוים דער טאָג,
עס ציט אַן דער כמאַרנער פאַרנאַכט,
קאַלט און פינצטער פאַלט צו די נאַכט.

הויכע בערג מיט שווארצע שאָטנס
האָבן דיין וועלט אַרומגענומען,
און דו קאָנסט צו זיך ניט קומען.

גייען שעהן געצווונגענע,
ציען זיך נעכט געמאַטערטע,
און לעבנס-גליק פאַרפאַטערטער.

ווי לאַנג וועט זיך ציען די נאַכט?
וועלן מיט פאַרגייענדע שטערן
נייע כוחות געבאָרן ווערן?

וועט הייסע זון היילן וווּנדן,
וועלן ניט זיין שוין מער קיין זאָרגן? —
ווער קאָן ווייזן יענעם מאָרגן?

# שטיל איז די נאַכט

זיך געלאָזן אויפן ווייטן שפּאַציר,
און שפּאַן אַרום אַליין ביינאַכט.
עס וויגן זיך די ביימער ווי שאָטנס,
געדאַנקען ווי פייגל שוועבן באַזאַכט.

א טראַט נאָך אַ טראָט — אָן אַ ציל,
אָן עכאָ הילכט אָפּ אין דער ווייט.
דער ווינט פייפט צו אין דער שטיל,
ווי עס וואָלט ווער געשושקעט ביים זייט.

די טרוימען פליען אומגעשטערט,
דער אומרו באַגלייט מיך אין וועג.
די לבנה האָט פול אויפגעשיינט,
די ביימער באַגריסן מיך אויפן וועג.

ווי צעשאָטענע פּערל אין רוים —
זוכט יעדער זיין שטערן פון גליק.
כדי צו דערגרייכן אַהין,
ווו פרימאָרגן דאַרף אויפגיין צוריק.

## מיין שטערן געפאלן

א שטערן געפאלן,
א וועלט לעשט זיך אוים.
עס כאפט אן א גרויל,
אט געלעבט און אוים.
די ערד האט פארדעקט,
א בערגעלע בלויז
געבליבן אויפן פעלד.
יעדער צוריקגעקערט
צו זיין הויז,
דער קלארער שניי
האט אלצדינג פארווייעט.

עס איז פוסט און וויסט,
עס וואיען שאקאלן.
מאמע, טייערע מאמע,
דיינע אלע רעיונות,
דיינע לעבנס-צופאלן,
האסטו שוין לאנג אין מיר,
אין מיין געדעכעניש פארזייט.

פארוואס איז דיר געווען באשערט
אזוי ביטער זיך ראנגלען
מיטן טויט,
ווען געוואלט האסטו שוין לאנג
זיך אויסרוען פון לעבן
און צו די אבות זיך קערן?

*

דאַכט זיך, פון הימל אַ שטערנדל איז אַראָפּגעפאַלן,
אַ וועלט, דאַכט זיך, פאַרלאָשן און אויסגעגאַנגען,
ווי פון בליץ אַ בוים געטראָפן און צעשפּאָלטן,
ווי אַ לעבן — אָט געברענט און אָט שוין אויסגעלאָשן.
מיר האָבן הימלישע ספערן אין אונדזער דמיון באַשאַפן,
ווען אין ספקות מיר מורמלען אַ געטלעכן געבעט.
ביים חולה אין שווערע טעג, אין אומענדלעכע נעכט,
זוכן מיר אויסלייז, וואָס זאָל ניט קומען צו שפּעט.

## די נאַכט ברענגט רו

די וואַרעמע ווונדער־נאַכט
פון ליבע און פון גלויבן,
האָט צום לעבן מיך דערוואַכט,
צו געטלעכקייט מיך דערהויבן.

ברענגסט רו צו יעדן מידן,
און ווען ווער פון שלאָף דערוואַכט
באַרויקט און טרייסט אים דאָס געמיט,
די פאַרכשופטע לבנה־נאַכט.

## קומען וועט די שעה

קומען וועט נאָך יענע שעה,
צו לינדערן דעם שמערץ,
פרישע ווינטן וועלן בלאָזן דאָ,
און פאַריאָגן דאָס גאָרע שלעכטס.

זיי וועלן היילן די נשמה,
און שטאַרקן דעם אָפּגעשוואַכטן גוף,
און ברענגען פאַר אונדז די נחמה,
פון לעבנס הערלעכן באַרוף.

# לבנה־נאַכט

I

אַ ווונדער דערשיינט אין דער נאַכט,
געזילבערט אין ליכטיקער שיין.
אַ מילדע און רויקע פּראַכט,
איצט לינדערט מיין ווייטיק און פּיין.

די לבנה מיין פענצטער באַוואַכט,
עס ווערט רויק מיין שווערער געמיט.
איך ווער איצט אין טרוימען פאַרוויגט,
איך הער ניט קיין שאָרך און קיין טריט.

איך ליג אונטער פליגל פון שלאָף,
באַפרייט פון טאָג-טעגלעכן יאָך.
צו זאָרגן עס נעמט שוין אַ סוף,
ווען געטלעך באַהעפט זיך דער איך...

II

די פולע לבנה איז ווי אַ גאַסט אָנגעקומען.
אַריינגעקוקט האָט זי אין מיין פענצטער,
און האָט מיך סודותדיק אַרומגענומען,
צו זיך געצויגן ווי מיט פעדעם פעסטע.

גערופן האָבן אויך די באַגאָסענע זילבער־וועגן,
ווו די געטלעכקייט אַליין שוועבט און באַוואַכט,
צו פאַרכשופטע מיראַזשן אַנטקעגן,
ווו געלייטערט ווערט מענטש אין דער נאַכט.

און חלומות טראָגן זיך צום רוים.
אָט באַלד וועט נאַכט פאַרגיין אין אייביקייט.
די אויסדערוויילטע שעה וועט צערינען אין טרוים,
ווען אַ בליאַסק אויף טאָג וועט שיינען מיט ניי־צייט.

# ש ט ע ר נ ד ל ע ך

שטערנדלעך פינקלענדיקע אויף מיין וועג,
איר באַצויבערט די וועלט מיטן ליכטיקן שיין.
ווי גערן ווילט זיך שוועבן אין בלויען געוועב,
און צווישן שטערן — אַ שטערנדל זיין.

שטראַלן באַלויכטן דעם גאַנצן אַרום,
און אין רויקער נאַכט באַזעלן די וועלט
מיט גלויבן, וואָס קאָן אויך דעם קראַנקן היילן,
און שיקן דאָס ליכט אין פינצטערן געצעלט;

דעם פאַרצווייפלטן לינדערן זיין פּיין —
אין דער נאַכט ער זאָל שפּינען זיין טרוים.
איר ליכטיקע שטערנדלעך אין אייביקן זיין —
מיט אייך וויל איך שוועבן אין רוים.

*

ליגט אויסגעשפּרייט איינזאַם די נאַכט אַזוי היינט,
און די שעה ווערט אין מיילן אויסגעצויגן;
און רעיונות, זיי קומען, פאַרבינדן דיך מיט פריינד,
און זיי לאָזן ניט צושליסן די אויגן.

אין שטילקייט פאַרהילט ליגט די נאַכט,
קיין רויש פון גאַס, קיין שאָרך פון טריט;
אין געדאַנקען שוועבן די יאָרן באַרוישט, באַזאַכט.
מיט שנעלקייט פון עראָפּלאַנען לויפן זיי מיט.

איך טראָג זיך אויף די פליגלען פון דער נאַכט,
צו ווייטע לענדער, אַזוי לייכט ווי אַ פויגל,
וווּ איך וואָלט אַ ביסל טרייסט געבראַכט,
און צוזאַמען וואָלטן מיר געפלויגן.

שפּראָצט אויף דער טאָג מיט העלע ליכטשטראַלן.
די נאַכט מיט איר שלאָף איז לאַנג פאַרגאַנגען,
פון ערד דעקט זיך אָפּ דער טונקעלער שלייער,
אויף יענער זייט באַרג מיין חלום בלייבט געפאַנגען.

# אַ חלום פֿאַרפֿלויגן

איך ליג מיט אָפֿענע אויגן
און חלום אַ חלום אויף דער וואָר,
פּונקט ווי געשען איז גאָר אַמאָל.
עס שוועבט אַלץ פֿאַרביי אַזוי קלאָר:
שטייסט נעבן מיר אַזוי ליבלעך,
פֿול מיט יוגנט און פֿאַרלאַנגען,
מיט לויטער-צאַרטע ליבעס-געפֿילן.
די טריט — שטאַרק ווי שטאָל...
מיט שמייכל עפֿנסט די אָרעמס.
באַרוישנד ווי פֿון שטאַרקן וויין,
עס נעמט דורך אַ וואַרעמער שטראָם.
באַלד עפֿענען זיך די אויגן,
און דערזעסט דעם גרויען טאָג —
די ליבע חלומות זיינען פֿאַרפֿלויגן.

# ווערטער ניט דערזאָגטע

אזוי זעט אויס דאָס ליד,
פון טרויער און פון פרייד,
פאַרבאָרגן טיף אין זיך,
ווען אין גייסטיקן קוואַל,
באַהעפט האָסטו דיין איך.
אזוי זעט אויס דאָס ליד,
ווען עס האַלט נאָך אָן דעם ווערט;
דאָס ניט פאַרשוועכטע וואָרט,
ווערט געלייטערט אין דעם תהום;
מיט לעבן ליב און טייער,
קאָנסטו שווימען קעגן שטראָם.

דעם ליכטיקן אָנדענק פון מיינע טעכטער

לאה און פייגע ע"ה

# אויסגעהאַקט א דריטל וואַלד

בײזער שטורעם שנײדיק בלאָזט,
עקאַליפּטוס־בוים צו ד׳ערד געבויגן,
אין פעלד יעדע בלום עס קלאָגט
אויפן העלישן פײער פון צעשטערונג,
וואָס עס דראָט די קומענדע שעה.
קלאַמערן זיך די וואָרצלען טיפער אראָפּ,
פעסטער אין גרונט זיך אײנצובײסן,
כדי נאָכן שטורעם זיך שפּײזן פון רעגן,
שטאַרקן דעם שטאַם, ניט לאָזן אויסרײסן,
זיך שטעלן אין קאַמף דעם שיקזאַל אַנטקעגן,
ווען אויך אין די לעצטע מינוטן פון לעבן.

עס איז שוין אויסגעהאַקט אַ דריטל וואַלד,
זײ פאַרברענט אויף שײטער־הויפנס.
פון אונדזערע אומגעבראַכטע קדושים
בײנער זשאַרען אין קאַלך־אויוונס.
האָבן קינד און גרוים די געטאָ־ווענט געפּראַלט,
אַנטקעגן דער ווילדער גרויזאַמער וועלט,
און געבלוטיקט האָט מען די העקערס הענט,
גאַס און טײך איז געוואָרן רויט געפלעקט,
אָפּגעקלונגען האָט די גאָרע זינדיקע וועלט,
באַגאָסן מיט בלוט די צעפּאַלענע ווענט,
אַז דער שונא איז געבליבן שטײן געפּלעפט,
און שאָטנס פון גײסטער, ווי ריזן, האָבן געשוועבט,
און שטאָלצער קאַמפסמוט האָט אויפגעלעבט.
אין לעצטן ווידערשטאַנד אין געטאָ
האָט פאָלקס־גבורה זיך אַנטפּלעקט.

# פֿאַרשטיק דיין טרויער

פֿאַרשטיק דיין טרויער אין האַרצן,
וויש די טרער פֿון די אויגן אויס,
באַלויכט דעם וועג דעם שוואַרצן,
טרייב דעם אומעט אַרויס.

צי בענקסט נאָך טאַטע־מאַמעס היים,
צי נאָך יענע פֿאַרלאָרענע קינדער־יאָרן,
צי נאָך דיין אָפּגעהאַקטן בוים —
אַ ליבן פֿריינד וואָס האָסט פֿאַרלאָרן.

ווען דער אומעט דריקט און שטיקט,
טאָר קיינער ניט זען און ניט וויסן.
הייב אויף דעם קאָפּ איבער אַלע הויכן,
ווען גוטע פֿריינד דיך אַנטקעגן גריסן.

# און שווער איז דער וועג

ווִיפל זאָלסטו די ווענט ניט ווען אָפּשטויבן,
בלייבסטו נאָך אַלץ שטיין אין שטויביקער וועלט.
ווִיפל זאָלסטו דעם ניוואָ ניט וועלן דערהויבן,
פרירט די האַנט פון פראַסטיקן ווינט און קעלט.

פאַררויכערט איז די וועלט מיט גאַז-אויוונס,
די זון איז פאַרגאַנגען אין גרויע וואָלקנס
און ניטאָ קיין ליכט צו דערוואַרעמען
דעם אויסגעוואָרצלטן און פאַרווונדיקטן.

און שווער איז דער וועג, אַריבער אַלע ימים,
צום אייגענעם לאַנד פון די אבות צו שפּאַנען,
און זיך טוליען ווי פאַרוואָגלט קינד אין אייגן שטאַם
און זיך אין מזרח דערוואַרעמען מיט גאולה-פלאַמען.

שטראָמען שוין עולים דורך הימלען אין געשפּאַן,
מיט זיטן און מנהגים פון אַלע וועלט-טיילן,
געאייניקט אין איין געזאַנג, אַן אויפבליענדער שטאַם,
אין מדינת ישראל פון אַלע גלותן זיך היילן.

## אַ לידעלע אָן אַלטס

זיצט די מאַמע איינגעבויגן,
ביים וויגעלע, מיט אַ בגד אין האַנט,
ציט אַדורך די נאָדל מיטן פאָדעם,
ביים קליינעם לעמפּעלע אויפן וואַנט.

פאַלן שאָטנס אין די ווינקלען,
און איך פאַרגיי זיך אין געוויין.
שאָקלט מיטן פוס דאָס וויגל,
די מאַמע און זי זינגט מיר שיין:

„אין בית המקדש, אין אַ ווינקל חדר,
זיצט די אַלמנה בת ציון אַליין",
און „ראָזשינקעס מיט מאַנדלען,
מיט דעם וועסטו יידעלע האַנדלען".

דער ווינט פייפט אוים זיין ניגון,
רייסט די לאָדנס, הייבט דעם שניי פון גרוב.
און די קינדער קאָן מען ניט פאַרוויגן,
ווען הונגער הערשט אין דער קאַלטער שטוב.

זינגט פאַרטראַכטערהייט די מאַמע,
פון שטילעליידן, פון צער און נויט,
אין דעם אַלטן ליטווישן שטעטעלע,
וווּ עס איז ניטאָ צוזאַט קיין ברויט.

# קינדער־יאָרן

דאָס האַרץ ווערט מיט בענקשאַפט אַרומגענומען
און רעגט מיט טויזנטער פאַרלאַנגען.
די האָפּט ווערט אין אייביקייט צערונען
און דאָס לעבן אין נעץ איז געפאַנגען.

ווי בלומען נאָך אין קנאָספּן — יענע קינדער־יאָרן,
ווען מיר זיינען אויף שפּאַציר ביידע געגאַנגען.
דער בולוואַר האָט מיט פרילינג געאָטעמט,
מיר זיינען געשטאַנען געאָרעמט, געפאַנגען...

מיר האָבן זיך אַזוי מילד, ליב אָנגעקוקט.
די שטערן אין הימל האָבן זיך אָנגעצונדן,
און באַלויכטן דאָס האַרץ וואָס האָט געזוכט, געצוקט
און דערפילט, אַז די אייביקייט האָט אונדז צוגעבונדן...

## דעם טאַטנס ירושה

איך טראָג דעם טאַטנס ירושה פון פאָלקס-וואָרט,
און דער מאַמעס טרויעריק געזאַנג אין פאַרוויגן;
פון געפּייניקטען דור, פון אויסגעוואָרצלטן אָרט,
ווי דערשטיקט איז דער הייליקער יידישער ניגון.

און סטרונע נאָך סטרונע — זיי פּלאַצן שוין באַלד,
די האַרפע בלייבט ליגן פאַרשטילט אין רוינע,
די יוגנט פאַרבלאָנדזשעט אין ווילד-פרעמדן וואַלד —
פאַרשוועכט איז געוואָרן די יידישע שכינה.

## די מאַמע

די מאַמע האָט פאַר אונדז
גאָלדענע פעדעם געשפּונען,
די מאַמע האָט פאַר אונדז
אַלע צוימען צעגומען,
פאַראייניקט אַלע צוזאַמען.

די מאַמע האָט אונדזער —
יעדנס ווייטיק פאַרנומען,
און שטענדיק פאַר יעדן,
האָט זי טרייסט געפונען,
יעדן מיט ליבשאַפט אַרומגענומען.

געוואָלט נאָך טוליען יעדן אין שויס,
ווי קינדערלעך קליינע, ליבע.
אַלעמען שטענדיק געטרייסט,
אין די שווערע מינוטן פון לעבן,
אָן אויסוועג געוויזן אין טעג טריבע.

אין יאָך געקנייטשט, געבויגן דער וואָרצל —
געזאַפּטיקט, געשפּייזט די צווייגן.
פאַר זיך אַליין מישטיינס געזאָגט...
איך? וואָס דאַרף האָבן הויט און ביין
פון גאָט, געשענקטע יאָרן בייצושטיין?

# קינד אין וויג

גוט איז די קינדער וואָס ליגן אין די וויגן,
ווען אפילו פאַרוויגט מיט אַן אומעטיקן ניגון;
זיי ווייסן ניט פון מאָרגן, ווייסן ניט פון פּיין,
ווען זיי וואַקסן אין גאָלדיקן זונען־שיין.

ליולינקע, ייִנגעלע דו מייַנער,
רוק ליג זיך אין דייַן וואַרעמער וויג;
וואַקסן זאָלסטו שטאַרקער און פייַנער,
אין דער וועלט וואָס איז אַזוי צעשטערט.

ליולינקע, ייִנגעלע דו מייַנער,
ווער ווייס וואָס עס איז דיר באַשערט,
וואָס מאָרגן קאָן ברענגען ווייס דאָך קיינער,
אין אַ וועלט וואָס איז געוואָרן צעשטערט.

## ניט אומקומען וועט מיין שטאָם

ניט אומקומען וועט מיין שטאַם
וואָס באַרייכערט האָט די וועלט.
שוין לאַנג צו מענטש דערפירט
שבטים פון ווילדן געצעלט.

ניט פאַרטיליקט וועט ווערן
דער וואָגלער פון מיין שטאַם,
ער שפרייזט פון ברעג צו ברעג,
און טראָגט זיך פון ים צו ים.

אָנקומען וועט ער צו דעם אָרט,
צום חלום פון טויזנטער יאָרן,
געלייטערט פון גרויל, פון גוואַלד,
און ווידער ווערן ניי געבאָרן.

# ימים נוראים

עס נאָגט דאָס האַרץ אין בענקשאַפט היינט,
מיט ימים נוראים-מאָטיוון פון אַלטער היים,
עס דערמאָנט דאָס שטעטל, די קרובים און פריינד.
אַלע אויסגעפּוצט יום-טובדיק, די שטוב, דער דלות.
עס גייען שוין טאַטע-מאַמע אין שול צו כל נדרי,
קינדער טראָגן אונטער דעם מחזור און טלית.
דער שול-הויף איינגעהילט מיט תפילה-געזאַנג,
עס פילט אָן די לופט מיטן הייליקן ציטער.
פון פייגל קיין טריל, די פיש אין וואַסער בלייבן שטיל,
אין טאָג פון יום הדין ווערן שטיל קינדער שטיפער.
עס דערמאָנט זיך דעם טאַטנס דאַוונען מיט גרויס כוונה,
עס שיינט אויף דער מאַמעס פנים צעפלאַמט,
מיט פאַרוויינטע אויגן פון געבעט אין דער תחינה.
און יום-טובדיק געלייטערט ווערט דער אינדערוואָכן,
עס לויכט אויף פון דור-דורות די שכינה.
איינגעוואָרצלט אויף אייביק אין קינד איז פאַרבליבן:
דער ארון-קודש, דער חזן אויף דער בימה, די תפילה.

אָבער מיר זיינען מיטן שטראָם אוועקגעשווומען,
נייע וועגן, אויך נייע וועלטן פאַר זיך געשפונען,
נייעם גלויבן, נייעם יום-טוב געוואָלט געפינען,
הייליקע ימים נוראים-טעג זיינען צערונען,
דער המשך פון יידישן לעבן אוועקגענומען...
עס מאָנט חשבון פאַר די פאַרגאַנגענע טעג.
צי האָבן מיר פאַרזייט, צי האָט אויפגעבליט
אין דער יוגנט, די ירושה פון נביאים-וועג.

אונדז קלינגען נאָך אַלע ימים נוראים-ניגונים,
און עס וועקט דעם תיקון, דעם זין פון לעבן.
דער וואָרצל זאָל ניט ברענען אין פרעמדן פלאַם.
נאָר צום פאָלקס קיום זאָל מען זיך באַקערן,
דורך אַלע געפאַרן זאַפּטיקן אונדזער שטאַם.
ווערט געלייטערט פון זינד אונדזער דור,
און אויפלייכטן וועט דער אַלט-נייער פלאַם,
ווי די תנאים נאָכן חורבן געמוטיקט דאָס פאָלק,
האָבן פאַרשפרייט די תורה פון לאַנד צו לאַנד.
פינקלען נאָך פונקען, די האָפּט צו געפינען,
צו בייקומען דעם גלות, די געלע שאַנד...

אין געדעכעניש אַ פלעמעלע שטראַלט,
פון טאַטנס ניגון, פון מאַמעס טרערן,
טרערן פאַרן אויסגעריסענעם וואָרצל,
עס זאָל אין געראַנגל אונדז ניט פאַרצערן,
ווי פאַרצערט ס'איז די אַלטע היים געוואָרן,
פאַרברענט און צעשטערט פון מלחמה-יאָרן.

# סוכות

דער יום־טוב סוכות איז שוין אָנגעקומען.
כאָטש די גאַס אין האַרבסט שטייט כולו וואַך,
אין דער שטוב, אַ ליבע פרייד האָט ארומגענומען.
און מען באַפרייט זיך פלוצעם פון שווערן יאָך.

די סוכה, ווו מיט צווייגן, ווו מיט פּאַלמע־בלעטער באַפּוצט,
אַ גאָרטן־ביידל ווערט ווי אַ קעניגרייך באַקריינט.
דער טיש מיט ווײַן און כל טוב צוגעגרייט,
און דער הימל דורך די שפּאַלטן קוקט אַרײַן און שײַנט.

די קינדערלעך אויסגעפּוצט אין נײַע מלבושים היינט,
דער זיידע פירט דאָס אייניקל אין שול שמחת תורה.
ווי אין אַלטן שטעטל צו הקפות, די שכינה שײַנט,
עס ווערט איינגעוואָרצלט אין קינד אַ לויב־געזאַנג צום בורא.

דער יום־טוב בײַט איבער און באַנײַט אונדזער לעבן,
מיר ווערן געלײַטערט ווי אין ימים־נוראים טעג,
דער יידישער קיום האָט אונדז אינהאַלט געגעבן,
און אויסגעלייזט מיר ווערן פון דעם גלות־וועג.

# די ליכטעלעך אַכט

ווען פון געטלעכן גלויבן ווערסטו געפירט,
דאַן שטראַלט דיר אַנטקעגן דאָס לעבן באַצירט.

ווען די גריכן האָבן אין אַלטע צייטן דאָס פאָלק געדריקט,
האָבן יידישע העלדן דאַן געקעמפט און געזיגט.

האָבן די חשמונאים מיט גבורה און מאַכט,
געקעמפט און באַזיגט די פינצטערע נאַכט,

און האָבן אין בית המקדש געצונדן אַ קריגעלע אויל,
וואָס געברענט האָט אַכט טעג און פאַריאָגט דעם גרויל.

עס זיינען שוין טויזנטער יאָרן פאַרפלויגן,
און עס שטראַלן נאָך אַלץ די ליכט פאַר די אויגן.

צינדן מיר נאָך היינט די ליכטעלעך אַכט,
און עס לויכטן די פלאַמען מיט פריידיקער פּראַכט.

דער סימבאָל פון שטאָלצן דור קעגן פיינט,
מיט פרייד פון אויפקום פאַר ישראלם היינט.

אונדז פינקלען און ווינקען די ליכטעלעך אַכט,
און באַלויכטן דאָס לעבן אין דער טונקעלער נאַכט.

# חנוכה

דאָס פאָלק אין אייגענעם קאַמף, דורך טאָג און נאַכט,
אין יעדן יאָרהונדערט, קעגן שנאה און פיינטלעכער מאַכט.
לויכטן פאַר אונדז נאָך אַלץ די ליכטעלעך אַכט
פאַר זוניקן טאָג און פאַר ליכטיקער לבנה-נאַכט.

און עס שטראַלט אָנזאָג פון זיג, פון נייעם שטרעבן,
צו קאָנען אויסלייזן דעם דור פון הערשנדן גרויל,
און זאָל די ווייס-בלויע פאָן פאַר אַ באַנייטן לעבן
אונדז לויכטן, ווי דאָס ברענענדע לעמפּעלע אויל.

עס האָבן היינט מאַן און פרוי אין ווידערשטאַנד,
ווי נייע חשמונאים מוטיק אַנטקעגן שונא זיך געשטעלט,
און דער נס איז אין מדבר סיני זיי ביי געשטאַנען,
און דורך לופט-קלאַנגען ער האָט פאַרקלונגען די וועלט.

לעבט ווידער אויף מתתיהו מיט די זין פון ווייטן אַמאָל,
און באַלויכט מיט ברענענדע פאַקלען פון באַפרייונג,
באַלויכט דעם וועג פאַר די העלדן אויף באַרג און טאָל,
און ברענגט אונדז די בשורה פון פאָלקס-באַנייונג.

# דער יום־טוב פסח

דער יום-טוב פסח איז שוין אנגעקומען,
אויף דער גאס — דער פרילינג אויסגעשפרייט.
דאס הויז איז מיט ליכט ארומגענומען,
דער סדר-טיש שטייט שוין צוגעגרייט.

די ביימער שפראצן שוין מיט נייע בליטן,
די פייגל אין דערוואכונג, שטיפן און טרילן,
דער מענטש אין פרילינג, ווי די יוגנט זיך צעבליט,
און ווערט געלייטערט פון יאך, מיט יום-טובדיקע געפילן.

די שטוב אין סדר-נאכט איז פול מיט פרייהייטס-פרייד,
אליהו'ס כוס מיט רויטן ווײַן שטייט שוין גרייט.
הייבט מען דעם כוס צו אלע הויכן, נאך העכער הײַנט,
באגריסן און באפרייען אונדזער פאלק, וואס איז צעשפרייט.

אייניקלעך פון נביאים, וועמען לעבן עס איז געווען באשערט,
אין טויזנט-יאריקן וואנדער אין אומקום און שאנד,
האבן ווידער זיך גענעסט אויף דער גלאביקער ערד
און יום-טוב פעדעם געשפונען צו אן אייגענעם לאנד.

האבן מיר מיט דער אלטער הגדה א נייעם פסח דערלעבט,
די פארלארענע שבטים, ווי רינגעלעך, געקליבן פאר צו פאר,
ווי אמאל נאכן מבול, און זיי געשיקט צום אלט-נייעם לאנד,
צו שמידן די אייביקע קייט פאר געשטארקטן דור נאך דור.

## ווייל איז אייך, קינדער

קינדערלעך לוסטיקע,
מיט יידישן חן.
ווייסינקע, שוואַרצינקע
וווּנדערלעך שיין.

זינגענדיק, שפּרינגענדיק
לויפט איר אַרום,
שטיפענדיק טומלט איר
קלינג־קלאַנג אומעטום.

אין פעלדער און וועלדער
אַן עכאָ הילכט אָפּ,
גליטשט זיך אַ יינגל
פון באַרג דאָרט אַראָפּ.

פלעכטן זיך קינדער
אַריין אין אַ שפּיל —
האַנט אויפן אַקסל,
מיט האַרציק געפיל.

דרייען זיך אַלע
ראָד אויס און ראָד איין,
ווייל איז אייך קינדערלעך
יונג נאָך צו זיין.

# קינדער־וועלטל

קינדער־וועלטל, צויבער־וועלטל —
ווי ליב זענט איר און טייער.
אייביק לעבן וואָלט איך גערן
אין אייער יוגנט־פייער.

שמידן, בויען, פלעכטן, מאָלן,
זייען נייע זריעה.
שטיפנדיק אויף בערג און טאָלן
בליט שוין נייע תבואה.

בלומען — קינדער גרויס און קליין —
פול דערוואַקסונגען, פאַרלאַנגען.
שיינען אויגן מלא חן
דורך פריידיקע געזאַנגען.

זומער־לעב האָט אויסגעשפינט
א וועלטל פון געננום.
גרינעם רייז האָט פאַרשפּרייט
צו נייעם לעבנס־לוסט.

# אַרום קעמפּ־פייער

קינדער־רינג — אַ מתנה

עס איז גוט, עס איז ווויל,
עס איז ליב און טייער,
אין קעמפּ אין קינדער־רינג,
צו זיצן ארום פייער.
גרוים און קליין, לויטער שיין,
און די נאַכט איז טייער...

אייגעלעך שיינען, הענטלעך קלאַפּן,
פייער־צונגען קנאַקן, קנאַקן,
פליען פונקען צו די שטערן,
כאַפּט זיי אויף דער הימל גערן.

אַזאַ פרייד איז פאַרשפרייט,
און צום לעבן איז מען גרייט,
אין יעדן טראָט, אין יעדן טאַנץ,
פלעכט מען אוים אַ בלומען־קראַנץ.

און נאָך טאַנצן, און נאָך זינגען,
אַלץ פאַרטומלען, אַלץ פאַרקלינגען.
טראַלאַ לאַלאַ, טראַלאַ לאַלאַ —
עס איז גוט, עס איז ווויל.

## צו מוטערס טאָג

די מאַמע האָט קינדער גענערט מיט דער ברוסט,
געטוליעט אין שוים, געצערטלט, געקושט,
טאָג און נאַכט, ווי דער אָדלער, מיט פליגל באַוואַכט.

אין בלוט און אין ווײ זי האָט זײ געבאָרן,
באַשיצט זײער ערשטן טראָט פון פאַלן —
אָט לויפן זײ, שפרינגען — און ווערן פאַרלאָרן.

און צעפלויגן זײנען, ווי פייגל, די קינדער פון נעסט,
בלײבט די מאַמע זיצן פאַרטראַכט, מיט לײדיקע הענט,
קוקט אַרויס פון פענצטער און דערוואַרט זײ ווי געסט.

## שאָף און רינדער

שאָף און רינדער קליינינקע,
לעמעלעך איר שיינינקע,
קומט פון טייכל אינעם טאָל,
וועט מען שערן אייך די וואָל.

וועלן פרייען זיך די קינדער
מיט די שאָף און רינדער;
וועט מען שטריקן זעקעלעך,
נייען קליידער, רעקעלעך.

וועט מען אָנגעטאָן זיין וואַרעם,
אין דעם קאַלטן בייזן ווינטער.
וועלן וואַקסן קינדערלעך,
שטאַרקער און געזינטער.

## אַ מיידעלע קליין

געווען איז מיין מיידעלע קליין,
מיט גאָלדענע לאָקן — מלא חן,
מיט הימל-בלויע אייגעלעך,
פאַרחלומט און פאַרקוקטע,
צום בוים און צו די פייגעלעך.

און שטענדיק פלעגט דאָס מיידעלע
פרעגן נאָר און פרעגן:
פון וואַנען קומט דער רעגן?
צי איז דער וואָלקן — רויך?
צי איז דער הימל ווייך?

צי קומט דער ווינט צופאָרן
און ווי אַזוי וואַקסט קאָרן?
איז אמת, אַז גאָט גיט רעגן,
בלויז פון קינדערס וועגן?

און ווער גיט היץ און קעלט?
פאַרוואָס ווערן גרויסע אַלט?
וועל איך אויך גרויס זיין באַלד?
וועל איך אויך ווערן גרוי? —

מאַמע, וואָס ביסטו פאַרטראַכט אַזוי?

# העזעלע

די זוניקע שטראַלן
לאַנג שוין פאַרגאַנגען,
אין פורפור־ראָזעווען הימל.

די לופט ווערט קילער,
דער טאָג ווערט בלאַסער,
עס טונקלט דער וועג.

עס זינגען די פייגל
אַ ליבע־געזאַנג
און רעדן — ווי אַלע צוזאַמען.

שפּרינגט דאָרט אַ העזל —
אַרויס פון אַ קוסט,
און טוליעט זיך צו דער מאַמען.

שטייען זיי ביידע
פאַרציטערט, פאַרטראַכט,
דערהערן פון פוס־טריט די קלאַנגען.

פאַררוקן זיך שפּרינגענדיק
אַריין אין דעם קוסט,
כדי ניט צו ווערן געפאַנגען.

## פון נייער צייט

די וועלט איז פארכמארעט
אין וואלקנס בלוי־גרוי;
אין טאל שטיקט און פארעט,
די ערד באנעצט מיט זאפטיקן טוי.

ווערן וואלקנס פון ווינט צעשפרייט,
די לבנה טוקט זיך פון שלייער אויס,
דער בארג אין דער הייך א געלייטערטער שטייט,
פארכישופט ליגט נאכט, ווי אין געליבטנס שויס.

ווערט מענטש אויסגעלייזט אין בארויקטער שעה,
אלע זארגן מיטן ווינט געלאזט אין דער ווייט.
ווען דער רוים פון ברידערשאפט באהעפט זיך דא,
ווערט מיט צויבער־פענדזל געמאלן זון־אויפגאנג
פון נייער צייט...

# ערגעץ ווו

ערגעץ ווו, ערגעץ ווו,
אין וויסטן חושך, אין מדבריות,
הילכט פון גוואַלדטאַטן אַ שאַל,
פון מענטשן־טרערן און יללות.

פון מלחמה די פלאַמען געצונדן,
וואָס כוח און האַנט האָט געשאַפן,
אַלץ וואָס דער מוח האָט דערפונדן,
פאַרוואַנדלט אין מעכטיקע וואַפן.

ערגעץ ווו, ערגעץ ווו,
גייט אויף אַ ליכטיקער שטראַל,
פאַר האָפענונג און גלויבן,
פאַר פרייהייט איבעראַל.

אַ פריידיקער רופן זאָל שאַלן,
פאַר אַ גליקלעכער וועלט, אַ באַנייטער,
צו דערהויבן די וועלט פון איר פאַלן,
די מענטשהייט, אַ גליקלעכע, באַפרייטע.

ערגעץ ווען, עס וועט געשען!
מען וועט קינדער מעשהלעך דערציילן,
אין אַ פריילעך־ליכטיקן פרימאָרגן,
פון פאַרגאַנגענע דורות אין גרוילן,
פון זייער קאַמף און זיג, און זאָרגן.

## צום אייביקן קאַמף

צום אייביקן קאַמף האָסטו זיך פאַרנומען.
אויפן וועג, געלייטערט פון טיפע ליידן,
ביסטו אַלע שטרויכלונגען בייגעקומען
און קעגן שטראָם דערשוווּמען צום ברעג,
ווײַזין דיין האַרץ האָט תמיד געגאַרט
צו אונדזער היים אויפן אַלט-נייעם וועג.

ניט צו רייכע פּאַלאַצן מיט גאָלד באַצירט,
ניט צו דימענטן, קרישטאָל און סאַפּירן,
— נאָר גייסטיק-רייך און ארץ ישראלדיק
אַן אייגנאַרטיקן פּיאָנערן-לעבן פירן;
און מיטהעלפן בויען אונדזער פאָלקס גליק,
העלפסטו דעם דור צו אייביקייט דערפירן.

באַפּוצט וועט מיט פרייד זיין דיין געצעלט,
און מיט בלומען פילפאַרביקע וועט אויפגיין דיין פעלד,
און באַנייען מיט פרייד וועסטו אונדזער וועלט.
באַלוינט וועסטו ווערן מיט שפע און ברכה.
פאַר לערנען און דערציען קינדערלעך קליין,
וועט אויפבליען אַ דור פון גליק און הצלחה.

# ווייל איך נאָך האָבן דעם גלויבן

ווייל איך נאָך האָבן דעם גלויבן אין מענטשן,
ווייל איך דורך דערנער געפינען אַ שטעג
צו שלום — ווייט פון מלחמה און שטרייט —
און פריי פון אַ שטרויכלונג אויף פינצטערן וועג.

ווייל איך נאָך שפינען דעם גאָלדענעם פאָדעם,
צו בינדן דעם שנור פון מענטש און אמתן פריינד,
ווייל איך אַ שטעג אַזאַ זוכן, געפינען —
און לינדערן דעם גרויזאַמען היינט...

ווייל איך נאָך האָבן דעם גלויבן אין מענטשן,
אַז האַרץ וועט רעדן צו האַרץ און פאַרשטיין,
און מענטש וועט ניט ווערן געבראָכן פון שטורעם,
און גרויער נעפל פון טעג וועט פאַרגיין.

## אַ פערטל יאָרהונדערט

א פערטל יאָרהונדערט,
פון פעסטן גלויבן און שטרעבן;
א פערטל יאָרהונדערט,
פון יוגנט און שעפעריש לעבן.

גליד צו גליד ביינאַנד,
מיט פעסטער האַנט אין האַנט,
ביינאַנד געשפּונען און געוועבט,
געבויט און פּאָרויס געשפּאַנט.

פינף און צוואַנציק יאָר —
אַ רינג פון גאָלד געשמידט;
פינף און צוואַנציק יאָר —
זיך צעוואַקסן און צעבליט.

געקלעטערט צו די העכסטע הויכן,
און דערזען דעם אָפּגרונט, דעם טאָל;
אַזוי פינצטער דער גאַנצער אַרום,
איז נאָך היינט ווי דער אַלטער אַמאָל.

ווען מיר אין תהום ניט פאַרזונקען ווערן,
נאָר שפּאַנען פעסט מיט געזאַנג.
אין פונקען פון קאַמף וועט צעגליען,
דער טאָג מיט זיין פרייען קלאַנג.

# דאָס טייכל

פליסט דאָס קלאָרע טייכעלע,
פון לאַנד צו לאַנד זיך טראָגט,
צעפליסט די כוואַליעס שומיקע,
אַליץ מונטער עס זיך יאָגט.

פון טיפע קוואַלן שטראָמט אַרויס,
פאַרפלייצט דעם זאַמד פון ברעגן,
און ווען דער רעגן ברייטערט אויס —
פאַרגיסט עס אַלע וועגן.

שטראָמט עס שוין ווי וואַסערפאַלן,
צו טיפע ימים יאָגט עס;
אַן אויבערפלאַך מיט לאַסט באַלאָדן,
אויף מחנות שיפן טראָגט עס...

# צום קוואַל

קומען מיר פון קילן ברונעם,
און גייען באַרג אַרויף, אַראָפּ.
אַ פולער קרוג מיט קאַלטן וואַסער —
הייסער זאַמד, די פיס ער בראָט.

קומט אַ וואַנדערער פון מדבר,
מיד, פאַרשמאַכט אין הייסע טעג,
טרינקט זיך אָן מיט פרישע וואַסער,
און שפּאַנט אַוועק אין לאַנגן וועג.

## איך טראָג אַ האַרץ

איך טראָג אַ האַרץ
פול גיפט און צאָרן.
ניט צום געפייניקטן ברודער
וואָס איז הילפלאָז, פאַרלאָרן.
ניט צום גערודפטן וואַנדערער
וועלכער זוכט אַן אָרט, רו.
ניט צום פאַרלאָרענעם קינד,
ניט צו אַ מוטער צעשראָקענער,
וואָס ווערט געטריבן פון ווינט.
ניט צום בוים, און ניט צו בלום.
ניט צום שעפעלע וואָס קומט אום.

איך טראָג אַ האַרץ
צום גרויזאַמען בייזן געוויטער,
צום וואָלקן וואָס פאַרשטעלט די ליכט,
צום דאָרן וואָס פאַרשטעלט דעם וועג,
צום שטורעם וואָס שניידט דאָס געזיכט,
צום ווולקאַן וואָס מאַכט חרוב און וויסט,
צום תליון וואָס האָט די וועלט צעשטערט,
צום בליץ וואָס פאַרבלענדט,
צו דעם וואָס זיין גלויבן פאַרשוועכט,
צום טיפן תהום וואָס שלעפט אַראָפּ,
און צום שקלאַף וועלכער בייגט זיין קאָפּ.

## היינט ווילט זיך מיר זינגען

היינט ווילט זיך מיר זינגען,
דאָס פריילעכסטע ליד,
טאַנצן און שפּרינגען
און ניט ווערן מיד.

ניט בענקען, ניט זאָרגן
ווען די זון אַזוי שיינט,
ניט טראַכטן פון נעכטן,
נאָר שעפּן פון היינט.

שווימען אין שטראָם,
צום אייביקן גליק,
באַטראַכטן די וועלט
מיט אַ וואַרעמען בליק.

פאַרגעסן דאָס אומרעכט
ווי אַ זאָרגלאָזע קינד,
זיך פרייען און פרייען
און זיין לוסטיק אַצינד.

פאַרגעסן אין טרויער,
פאַרגעסן אין זאָרגן
און וואַרטן מיט פרייד
אויף דעם זוניקן מאָרגן.

**פריידיקע מינוטן**

קומען דאָך געציילטע,
באַרייכערן דאָס לעבן,
די מינוטן אויסדערוויילטע.

## אַ צענדליק יאָרן

פאַר ליעסין־צוויג אַ מתנה

צען שטורעם־יאָרן זיינען מיר דורכגעשוואומען,
לענדער פאַר דער צייט זיינען חרוב געוואָרן,
שוואַרצע שאָטנס האָבן אונדזער וועג פאַרשטעלט,
זעקס מיליאָן פון אונדזער פאָלק האָבן מיר פאַרלאָרן.

מענטש האָט זיך באַהעפט מיט פולווער, רויך,
מיט אַש און שטויב געוועזן דער רוים פאַרשטעלט;
דער יאָמערטאָל האָט אויך צו אונדז דערגרייכט,
אַז פעלקער און לענדער האָבן פאַרשאָכערט די וועלט.

ליעסין־צוויג איז אין וועלטס ווייען געבאָרן,
אַ שעפערישער קוואַל פון הונדערטער רינגען געשמידט,
אין אויפברויז פון אַ צענדליק שטורמישע יאָרן,
ווי אַ בלום נאָך אַ רעגן זיך העלער צעבליט.

ניט אַנטוישט פון געפאַלענע געטער,
האָבן מיר קעגן שטראָם דורך דערנער געשפאַנט,
געלערנט, דערצויגן צו העכערע וועלטן,
געפירט ווי אַ שיפער, מיטן פעסטן רודער אין האַנט.

האָבן מיר זיך אַ שבועה געגעבן — ניט רוען,
און ניט צו פאַרגיסן קיין איינציקע טרער,
נאָר רופן צום קאַמף פאַר פרייהייט און לעבן,
דערגרייכן דעם חלום, וואָס איז קיין חלום ניט מער.

ליעסין דער טרוימער בינדט דעם אמאָל און דעם היינט,
מיט הימנעס און לידער אונדזער פֿריינדשאַפֿט געבונדן.
ווי אַ ליכטיקער שטערן האָט ער פֿאַר אונדז געשיינט
און אונדזער גלויבן צו פֿרייהייט מיט ליבע געצונדן.

# אַכצן מיינט ח״י

געווידמעט דעם אַכצנטן יובל פון ליעסין־צווייג

אכצן מיינט ח״י, און ח״י מיינט דאָך לעבן —
דאָס לעבן פון יחיד, ווי דאָס לעבן פון כלל;
אַכצן יאָר פון קאַמף און פון שטרעבן,
ווער דאַרף זיי ציילן? ווען קיום איז קוואַל.

די צייט האָט אונדז געטראָגן אויף שטורמישע כוואַליעס,
מיט פאָלקס געראַנגל אין אַלע עקן וועלט.
דורך שוימיקן אויפברויז, דורך בלוט און דורך טרערן,
מיר האָבן פארלייגט דעם נייעם געצעלט.

האָט ליעסין דער טרוימער די וויזיע דערזען,
געקלאָגט אויפן חורבן און האָפנונג געצונדן,
געחלומט פון טאָג ווען אַ נס וועט געשען,
אַז צוריק וועט דער ייד מיט זיין לאַנד זיין געבונדן.

זיין וואָרט האָט דערפרישט ווי לויטערער קוואַל,
צום בנין פון ישראל האָבן מיר צוגעלייגט די הענט.
לייכט הייגט אונדז פון מזרח אַ ליכטיקער שטראַל,
אַ ליכט וואָס באַלייכט און וועט ניט ווערן פארברענט.

## צו אברהם ליעסין

דו האָסט געלויבט די שטאַרקע האַנט,
וואָס שאַפט רייכטום פאַר די רייכע,
וואָס ווייסט אָבער זיין אייגן קראַפט,
צו זיין גלייך מיט אַלע גלייכע.

דו האָסט צו אים געזאָגט אַזוי:
„באַנעם די וועלט און גיב אַ טראַכט,
שעפּ כוחות פון דיין אייגן מאַכט,
און בוי אַ וועלט פול מיט פּראַכט!

„באַהייצסט די מעכטיקע פאַבריקן
און פרירסט אַליין אין ביטער קעלט,
אַליין גייסטו אום אין שמאַטעס
און באַקליידסט די גאַנצע וועלט.

„שפּייכלער פול מיט פּראָוויאַנט
אין אַמעריקע דאָס רייכסטע לאַנד,
האָסטו געשאַפן מיט דיין האַנט,
און דו הונגערסט — וואָס פאַר אַ שאַנד!”.

און גערופן האָסטו דעם ייד,
וואָס פון לאַנגן גלות איז ער מיד,
אַז זיין פרייהייט ליגט אין זיין אייגן האַנט
און „קעמף מיט מוט פאַר אַן אייגן לאַנד”.

איז אַ יידיש לאַנד מיט מזל דאָ,
און מיר דערמאָנען דיך יעדע שעה,
לויבן דיך פאַר דיין יעדן וואָרט,
דאָ און דאָרט, אין יעדן אָרט.

# קלינג, קלאַנג

קלינג, קלאַנג, קלינג, קלאַנג,
קלינגען גלעקער, קלינגען, רופן: קלינג, קלינג, קלאַנג.
רופט צו פרידן,
פרייהייט שמידן.
איידער שמידן פעלד־קאַנאָנען
צו באַשיצן די באַראָנען,
צום העלישן פייער וואָס ברענט, פאַרצערט —
שמידן פאַר אַ וועלט אַ נייער
מענטשנס לעבן זאָל זיין טייער.
קלינג, קלינג, קלאַנג.

קומען פויקן און טרומייטן
און פאַרטומלען פרידנס פלייטן
און צעקלינגען זיך מיט קייטן,
פלאַמען פייער זיך צעשפרייטן,
און עס גיסט זיך מענטשלעך בלוט...
מענטשן שטרייטן,
מענטשן פאַלן,
און עס קלאָגן
בייז שאַקאַלן
און עס פליען עראָפּלאַנען,
און עס צינדן זיך די פלאַמען,
בום! קלינג! בום! קלאַנג!

הערן שטימען זיך פון ווייטן:
מענטש און מענטש, הערט אויף צו שטרייטן,
גענוג מיט בלוט די וועלט באַשפּריצן,
קוקט אַרויף! פון טורעם־שפּיצן —
הערט זיך קלאָר אַ ניי געזאַנג,
קלינגט צו אייך אַ נייער קלאַנג:
„פרייהייט!" „רעכט!" „פרייהייט!" „רעכט!"
דאָס רופט מען אייך, איר מענטשן־קנעכט.
קלינג, קלינג, קלאַנג.

הייבן הענט זיך הויך צום הימל,
מען באַפרייט זיך פון דעם שימל,
הערט זיך שטאָלץ אַ נייער קלאַנג:
פרייהייט! קלינג! פרייהייט! קלאַנג!
קלינג, קלינג, קלאַנג.

# לאָמיר זינגען!

לאָמיר זינגען און זינגען אַ ליד נאָך אַ ליד,
זינגען מיט ברען, ניט ווערן מיד.

זאָל הילכן געזאַנג,
זאָל קלינגען דאָס ליד,
מיט האַרציקן קלאַנג,
ניט ווערן מיד.
אין קלאַנג פון געזאַנג,
ווערן נענטער פריינד,
ווערט ליבער דער היינט
און די זון וואָס עס שיינט.

לאָמיר זינגען און זינגען אַ ליד נאָך אַ ליד,
זינגען מיט ברען, ניט ווערן מיד.

זאָלן הילכן די טענער,
ווי דער קלאַנג פונעם שמיד,
פון פרויען און מענער,
פון קריסט און פון ייד.
זאָל הילכן דאָס קול
פון יעטוועדן פריינד
אויף בערג און אויף טאָל,
צו להכעיס דעם פיינט.

לאָמיר זינגען און זינגען אַ ליד נאָך אַ ליד,
זינגען מיט ברען, ניט ווערן מיד.

אַ כּוס און אַ ליד,
אַ ליד און אַ כּוס.
געזונגען זאָל ווערן,
גאָר אָן אַ מאָס,
מיט לידער אין קאַמף
די וועלט צו באַנייען,
די אַרבעטער־מאַסן,
פון קייטן באַפרייען.

לאָמיר זינגען און זינגען אַ ליד נאָך אַ ליד,
זינגען מיט ברען, ניט ווערן מיד.

# דערוואַכונג

אין ליכט פון דור־דורות, דערוואַכונג עס בליט,
צו ביישטיין די רדיפות און צאָרן וואָס גליט.
תמיד האָט שנאה און האס קעגן אונדז געבראָטן,
מדבר־זון האָט געברענט, מיט זאַמד די אויגן פאַרשאָטן,
איז אָנגעקומען חלוצים־דור, די העלדן פון דורות,
באַפּעסטיקט דעם גלויבן און געצונדן די אויל פון מנורה׳ס,
געבויט, באַשיצט, מיט כוחות פון אינהאַלט און האַפט.
פון אונטערגרונט אַרויס האָט די גבורה דערוואַכט.
די וועלט פון מלחמה און שטרייט שטייט און גאַפט:
פייערם פון קרעמאַטאָריעם האָבן נאָך מאַכט?

עס מאַרשירט מיט פעסטן טראָט די הגנה אין שלאַכט.
עס שטראָמט די יוגנט, בר־כוכבא דער העלד.
דורך דער גאַנצער וועלט אונדזער שטאָלץ דערוואַכט
עס לויכט אויף דער דור פון איינשטיינס געניאַלן מוח,
אין לעצטן שטרייט פאַראייניקט אונדז איין כוח.
ווי די חשמונאים אַמאָל האָבן אין ווידערשטאַנד געזיגט,
וועלן די בערג און טאָלן פון מדינת ישראל ווערן באַשיצט,
און פלאַטערן וועט די ווייס־בלויע פאָן פון פרידן און שלום,
און אויסגעלייזט וועט די וועלט ווערן ווי אין נביא׳ס חלום.
עס שווימט אויף ימים דער אָנזאָג פון נייער צייט,
אַז דאָס פאָלק און לאַנד פון לאַנגן גלות ווערט באַפרייט.

# אונדזער פאָן

ווייס-בלוי אונדזער פאָן, מיט קאָלירן א פראַכט,
ווייס ווי די הייליקייט פון כל-נדרי נאַכט,
ווייס-בלוי ווי דער טלית, וואָס האָט באַוואַכט דעם יידן,
ווי די ווייסע טויב, דער אָנזאָג פון פרידן.

בלוי, ווי דער הימל אויסגעלייטערט נאָך א רעגן,
ווי די בלויע בלימעלעך, „פארגעס מיך ניט" אין לאַנגע וועגן.
ווי עס שפּיגלט און באָדט זיך אין ים דער בלויער רוים,
ווי אונדזער אייביקע האָפענונג, וואָס איז מער ניט קיין טרוים.

דער מגן-דוד, זעקס-שפּיציקער שײַנענדער שטערן,
דער סימבאָל פון יידישן גייסט, זיך און וועלט צו דערנערן,
דערהויבן צום ערדישן קיום און הימלישע הויכן,
צו פלאַנצן טיפע וואָרצלען, און שטייגן, און דערגרייכן.

עס פלאַטערט מאַיעסטעטיש אונדזער פאָן אין דער פעלקער-באַנייונג,
ווייס-בלוי, דער סימבאָל פון דעם דור פון דערלייזונג,
פון משיח-צייט, פון מענטש און וועלט צו דערהויבונג,
פון ברענגען אייביקן שלום, און אונדזער פאָלק — באַפרייונג.

# קוואַלן

עס הילכט אַפּ אַ רוף פון ליכטיקן מזרח,
קלינגט דער אָנזאָג פון נייעם שטאָלצן גאַנג,
דאָס פאָלק, ווי איין מחנה, ציט זיך צו די קוואַלן,
צום ווונדער פון אוצר, וואָס שטראָמט מיט געזאַנג.

אויף זיבעציק לשונות האָט די פרייד אויסגעקלונגען
און גרייכט צו אונדז אַריבער דורך דער לופט און דורך ימען,
און גיסט זיך צוזאַמען מיט די פריידיקע קוואַלן
פון אויפבלי, פון שמידן אַלע שבטים צוזאַמען.

## יציאת ניינצן פערציק זיבן

זיי זיינען אריבערגעקראָכן די שטעכיקע דראָטן,
אין ביינאַכטיקן ציטער, זיך געלאָזט אויף די ימען,
געלאָפן פון דער היים, וואָס איז פון שונא צעטראָטן.
אויפן וועג אין לאַגערן זיך געוואַלגערט צוזאַמען.

טויזנטער פּליטים צום מזרח־ברעג זיינען אָנגעקומען,
זיך געטראָגן דורך געפאַרן, צום הייליקן לאַנד.
יציאת 1947, מיט גוואַלד צוריק צו נאַצי־גיהנום פאַרנומען.
געשטויסן צום אָפּגרונט האָט ענגלאַנד מיט בלוטיקער האַנט.

אויף אייביק זאָל גרויס און קליין געדענקען יאָר 1947.
די גרוילן פון ווייסן פאַפּיר און דעם מאַנדאַטן־פאַרראַט.
אין זכרון איז אונדז די „שטרומא" און „פּאַטריאַ" פאַרבליבן,
ווי צו אַזאַ וועלט, וואָס האָט פאַרשוויגן אַזאַ טאַט.

לאָמיר אויסקריצן אַ דענקמאָל פאַר דורות די ווייטע,
וואָס זאָל ווי חנוכה זיין אַ סימבאָל פון שטרייט,
און ווידער דערמאָנען די יידן באַפרייטע,
דאָס ראַנגלען זיך אין אַ געזונקענער צייט.

## ישראל

מיין ליבסטע, מיין ליבסטע!
צו דיר געווידמעט איז מיין ליד,
מיט פאַרבענקטע, שטילע קלאַנגען.
מיט וואָס פאַר אַ קראַפט,
מיט וואָס פאַר אַ כישוף,
האָסטו מיין האַרץ געפאַנגען?

איך האָב צו דיינע בערג און טאָלן,
זיך קיינמאָל ניט דערשלאָגן,
אין דיין גרינעם שוים ניט גערוט,
צו דיין ים-ברעג זיך ניט דערטראָגן.

דיינע ליכטיקע לבנה-נעכט
פאַר מיר אַ טרוים פון דור-דורות.
אין די וואָלקנדיקע טעג,
זע איך בליען דיינע פירות.

אין דיינע הייסע זונען-שטראַלן
גערן וואָלט איך דאָרט זיך אָנגעווארעמט,
און זען ווי דער חלוצים-גייסט,
באַקערט דאָס פאָלק און לאַנד געאָרעמט.

מיין ליבסטע, מיין ליבסטע,
צו דיר געווידמעט איז מיין ליד,
מיט פארבענקטע שטילע קלאנגען.
מיט וואס פאר א קראפט,
מיט וואס פאר א צויבער,
האסטו מיין הארץ געפאנגען?

## מיט אמונה אין הארצן

אויף וועגן בלוטיקע ליגן לעבנס אויסגעלאשן,
ווי אפגעבראכענע צווייגן, צעוואָרפן אומעטום,
און אלע לענדער האבן זייערע טירן פארשלאסן
פאר אונדזערע היימלאָזע, וואָס וואנדערן ארום.

ווען דער וואנדער־שטעקן פאלט פון האנט,
ווערט אלטער גייסט אין טלית איינגעוויקלט.
און טוען זיי תפילה, ווי ביים מזרח־וואנט,
ווערן גרענעצן לייכטער אריבערגעשפאנט...

עס גייט אויף אין האריזאנט א בליאסק אויף טאג,
און וועקט האפענונג און גלויבן אין שלום;
ווי אין אלטן אמאל, אין די נביאים־טעג.
וועט מקוים ווערן דער הערלעכער מענטשלעכער חלום.

## הײַנט איז דער טאָג

הײַנט איז דער טאָג פֿון די טעג געצײלטע.
אַ דינסטיק־טאָג, דער טאָג אױסדערװײלטער,
פֿון יאָרן און יאָרן שױן לאַנג דערװאַרטער,
אַ חלום אױסגעשפּונען, אױסגעטראַכטער.

הײַנט פֿאָרן מיר צו מדינת ישׂראל.
דער זוניקער טאָג באַגלײט אונדזער שיף.
שױן אָפּגעשװומען פֿון אַמעריקעס ברעגן,
דער לעצטער פּײַף פֿאַרהילט שװימיקע װעגן.

די ריזן־שיף שנײַדט װאַסער־גרונטן,
בלױע שװימיקע כװאַליעס שפּיגלען דערונטן.
צװישן הימל און װאַסער מיר שװימען, מיר שװעבן,
זײ באַגלײטן אונדזער לעבן צום אײביקן שטרעבן.

הײַנט איז דער טרױם שױן ניט מער קײן טרױם.
איך טרינק פֿון בעכער פֿול לעבנס־שױם.
אױף פֿליגלען פֿון װירקלעכקײט כ׳טראָג זיך צום חלום,
איך װעל קומען אױף יענער זײַט ים און גריסן אײַך: שלום.

אין װעלטן מדבריות מיר זײַנען בײַגעקומען.
דורך שװערע נסיונות מיר װעלן אָנקומען,
צו בײַװוּנען װו עס גלידערט אונדזער שטאַם,
און פֿלאַנצט זיך איבער אין נײַעם לעבנס־פֿלאַם.

ווער פאַר נויט און וועמענס גלויבן אין צאַמען,
אַלע צו ישראל זיך ציען דורך הימל און ימען.
אונדזערע גלידער פון גאָרער וועלט געאייניקט צוזאַמען,
די פרייד פון דער גאולה מיר זאָלן ניט פאַרזאַמען.

## אויף דער שיף

איך קוק און באוווּנדער די בערג וואסער אין פֿעלדן,
און זינג אַ ליד אין דער שטיל צום בורא'ס באַשאַף —
וואָס איך בין אַ טייל פֿון שטורעם, פֿון זון און פֿון רעגן,
וואָס איך שווים צו מיין גלויבן דעם שטראָם אַנטקעגן.

וואָס איך שעפּ פֿון לעבנס געגנס אין די זיבן גוטע טעג,
ווי דער עושר פֿון רייכקייט, פֿון טעאַטער און מוזיק,
ניט פֿאַרבלענדט און פֿאַרשוועכט וועט ווערן מיין וועג,
נאָר דעם וועג צו פֿאַרשטיין וואָס מיינט אמתער גליק.

די זיבן גוטע טעג באַלד אוים, פֿאַרבלענדעניש נאָר,
עס וועט בלויז אַ זכר פֿון דער רייכקייט פֿאַרבלייבן,
ווי אין פּרץ'ס אַ מעשהלע: „די גוטע זיבן יאָר",
צום לאַנד פֿון אונדזער באַשיידטן חלום מיר שטייגן.

# אויף שטאָלענע פליגלען

איך האָב זיך אויף שטאָלענע פליגלען דערטראָגן,
איך בין אויף שטורמישע כוואַליעס דערשווומען.
צום קוואַל פון אַלע פאַרבן איך בין אָנגעקומען —
צו מדינת ישראל, אין יונג און ניי געבאָרן.

איך שטיי מיט געבויגענעם קאָפּ פאַר וועלטס חורבן,
פאַר די אָנגעקומענע פון גלות, פון שרעקלעכן סדום;
איך שטיי מיט געבויגענעם קאָפּ, פאַר די קברים פון העלדן,
פאַר די קעמפער און זיגער, וועלכע בויען די היים.

איך האָב בלויז אַ ביסעלע טרייסט אייך געשענקט,
פון איבער די ימים געשיקט אייך אַ זיפץ און אַ טרער,
און איר האָט אַ העלדישן קאַמף געפירט אַזוי שווער —
איך האָב דאָ אַ שמשון הגיבור געטראָפן אויף יעטוועדן קער.

שיק איך מיין ברכה אייער יונגן בראַנדזענעם אָרעם,
וואָס דעם דור איז באַשערט ווערן צו פּראָבע געשטעלט:
צו בויען איין פאָלק פון רעשטלעך אין דער וועלט —
פאַרן פאָלקס פרייהייט האָט איר דאָס לעבן איינגעשטעלט.

## איך בין זוכה

איך בין זוכה געווען צו פליען אין ישראלס הימלען,
זיך אראפגעלאזט צום זאמדיקן מדבר־ברעג,
דערזען אין ווייטן רוים דעם זוים פון פעלדזן־בערג.

דערזען: א קלאר־ווייסע שטאט שיינט און שמייכלט אנטקעגן,
ווו דער ים טוט וואשן די שטיינער און זאמדיקע ברעגן.
תל־אביב שפרודלט פול מיט לעבן אויף ברייטע וועגן.

חיפה דער ים־טויער, צו ווייטע וועלטן דער שטראם,
הר־הכרמל, די שפיציקע שטאט, שפיגלט אין בלויען ים,
באר־שבע, מיט די קוואלן ברונעמער פון אלטן שטאם.

ירושלים, געהייליקט אין די תפילות און לעצטן ווידערשטאנד.
ירושלים, דאס וויגעלע פון יעדן גלויבן און שטרייט,
ווו עס ווערט פארבונדן דער ווייטער אמאל מיט היינטיקער צייט.

שטיי איך דארט פארגאפט: צי איז דאס חלום, צי איז דאס ווֹאר?
מוטיק האבן יידן געקעמפט און דעם שונא פארטריבן,
און ירושלים איז ישראלס הויפטשטאט פארבליבן...

## מדינת ישראל

איך האָב זיך באַהעפט מיט דיר, מדינת ישראל,
דאָס לאַנד פון אויסגעבענקטן חלום,
אין יאָרן פון מלחמה, גאולה און שלום.

ווי נישטיק קליין איז דער בעל גאווה,
קעגן ישראלס אויסגעפורעמטע פיגורן,
קעגן אויסגעקריצטן שטיין אין קאָנטורן.

אייזערנער כוח האָט די געפּאָרן געצוימט,
און קוואַלן זאַפטיקע שטראָמען פון שטיין,
און עס זשאַרעט אויף טאָג דאָ אַ ליכטיקע שיין.

עס גייט אויף אַ לעבן אין אַ נייער פאָרם,
און זוניק היים ווערט געבאָרן דער מאָרגן,
און דאָס פאָלק באַפרייט זיך פון גלות־זאָרגן.

## אין גאולה־לאַנד

מיר האָבן געשפּאָלטן דעם רוים ווי אַן אַטאָם,
די וועלט צעטיילט אין צוויי גרונט־טיילן,
פון גרויען תהום אין ווייס־בלוי געפלויגן.

אין מערב פינצטערע וואָלקנס נאָך פאַרווײַלן,
פון מזרח עס שטראָמט אַ װאַרעמער שטראָם...
פייגל פון אַלע מינים צום ליכט זיך איילן.

פון אַלע וועלט־טיילן אונדזערע יידן רייטן.
וואַנדערן דורכן מדבר, שווימען אויף ימים,
ווי פאַרוואונדעטע טויבן אויף אָדלערס זיך בייטן.

קינס צייכן זיי אויסגעקריצט פון וועלטס שאַנד.
דער חורבן־אָנדענק וועט אויף אייביק פאַרבלייבן,
ווען עס פלאַטערט ניי־אויפקום אין גאולה־לאַנד.

איך האָב פון חרובע וועלטן דעם צער פאַרנומען.
איך האָב אין דער נייער צייט טיף אַריינגעבליקט,
אויף הרי גלבוע, כרמל האָב איך אויסלייז געפונען.

# דערלעבט די גאולה

נאָך יאָרן פון ליידן, נאָך יאָרן פון גלויבן,
נאָך יאָרן פון פריידן, נאָך יאָרן פון שטרעבן,
דעם פאָלקס חלום אויך אין זיך איינצוּוועבן —
דערוואַרט זיך מיט פרייד אויף דער גאולה ביים לעבן.

אַ שטראַל ליכט האָט פאַר אונדז אויך זיך אָנגעצונדן,
דער שיקזאַל האָט גאָלדענע פעדעם אונדז אָנגעבונדן,
און פאַרזיגלט די האָפענונג מיט דעם גרויסן גליק:
צו ישראל מיר פאָרן, אַהין געווענדעט איז אונדזער בליק.

די שעה האָט געשלאָגן, קיין צווייפל, קיין טראַכט,
מיר וועלן אויף ימים שווימען דורך טאָג און דורך נאַכט;
מיר וועלן קומען צום לאַנד, צו דעם טרוים פון יאָרן,
צו מדינת ישראל מיר פאָרן, מיר פאָרן.

און זוכה זיין צו זען דעם זיג פון די חשמונאים,
ווו מקוים איז געוואָרן די רייד פון די נביאים,
אַז מדינת ישראל וועט דאָס פאָלק באַנייען,
און מיט געטלעכן גלויבן די גאַנצע וועלט באַפרייען.

## ניי לעבן

עם שפּראָצט מיט ניי לעבן אויף די ישׂראל-פעלדער,
באַפלאַנצט ווערט דער נגב מיט געדיכטע וועלדער,
אין נייעם פרילינג האָט ערד מיט גרינס אויפגעלעבט.

ווי דער ירדן וואַלט אַרוים פון די ברעגן,
און זיך צעגאָסן ווי אַ רעגן איבער מדבר-וועגן,
און מיט בטחון פון נייעם גלויבן זיך באַהעפט.

און דער דור פון גאולה האָט דערנער אַריבערגעשפּאַנט,
און זיך באַפעסטיקט קעגן געפאַרן מיט אַן אייזערנער האַנט,
צו באַשיצן דאָס לאַנד, צו וועלכן דורות האָבן געשטרעבט.

## חלוצים פון אַלע וועלט־טיילן

חלוצים, אין טעג זוניק־גליִענדע,
אין נעכט העל־זילבער שיינענדע,
האָבן פאַרן פאָלק אוצרות געשאַפן,
געלייגט אַ נייעם בריק צום פרייען האפן.

עס ווערט דערהויבן יעדנס וועזן,
פון שאָטנדיק אומזיכערן זיין,
פון אָפּגרונט צו הויכע יהודה־בערג
צום שטאָלצן טראָט אויף אייגן ערד.

חלוצים פון אַלע וועלט־טיילן קומען,
מיט פרייד ווערט דער באָדן איינגענומען,
פלאַנצן זריעה פאַר שאָף און רינדער,
שפינען אַ ניי לעבן פאַר שטאָלצע קינדער.

עס שטראָמט איין כוח, הענגט אויף אַקסלען,
עס ווערט אַ לעבעדיקער רינג צעוואַקסן,
עס ווערט אויסגעפלאָכטן אַ יוגנט־קראַנץ,
עס ווערט ראָד צעשפּרייט אין אַ האָרע־טאַנץ.

## פֿאַרזיי דיין אייגן פֿעלד

קום אַרויס, פֿאַרזיי דיין אייגן פֿעלד
און פֿלאַנץ דעם וואָרצל טיפֿער אַריין,
וועט דער גאַנצער מדבר זיך צעוואַקסן,
וועסטו שעפּן פֿולע לאַגלען מיט וויין.

דאָס לאַנד פֿאַרלאָזט האָבן דורות לאַנג,
ווערט ערד געשניטן פֿון אַקער.
זיך באַפֿריי פֿון גלות־צוואַנג,
ווען אין דיין גלויבן כּוח פֿלאַקערט.

וועט די אויפֿגייענדע זון לויכטן
און געלייטערט וועלן זיין די טעג
אין געזאַנג פֿון נייע אייגענע לידער —
די פֿרייד פֿון באַפֿרייטן פֿאָלקס וועג.

# שומרים

נים דער וועקזייגער האָט געדאַרפֿט היינט
די פֿינפֿטע שעה אויסקלינגען אין באַגינען
און וועקן דעם קיבוצניק פֿון זיין שלאָף.
ווי דער ערשטער האָן האָט אַ קרייע געטאָן,
איז דאָס דאָרף אויף די פֿיס געשטאַנען גרייט,
גרייט שוין יעדער מיט אַקעראייזן, זעג און האַמער.
אַ יעדער צו זיין אַרבעט האָט זיך געלאָזט גיין
צו אַקערן, פֿאַרזייען און בויען זיין היים...

די שומרים, וואָס זיינען די נאַכט אויף דער וואַך געשטאַנען,
האָבן מידע צו זייערע געלעגערס זיך געטראָגן,
מיט דערוואַכטע חברים זיך האַרציק געגריסט,
און פֿרידן מיט פֿרייד האָט זייער וועג באַגלייט,
געדאַנקט פֿאַר דער רויִקער נאַכט אויף די גרענעצן ווייט.
און די לבנה האָט מיט זילבער באַשיינט,
דעם וועג, וואָס האָט זיך נאָך געטוליעט צו דער נאַכט.

נאָר צווישן די ביימער פֿון בלויִען הימל האָט אַ ראָזיקער שטראַל,
מיט דעם בליאַסק אויף טאָג, געבראַכט אַנזאָג פֿון נייעם לעבן.
אַז אַ וואַרימער גוטער מאָרגן וועט אויסגעשיילט ווערן
און ענטבינדן זיך פֿון אַלע שטרויכלונגען וואָס שטערן.

# מדבר אין בייטן צעאַקערט

אין די ערשטע שווערע חלוצים-יאָרן,
האָט איר מדבר אין בייטן צעאַקערט,
און אין געפּאַרן זייט איר אַלע
פאַרברידערט געוואָרן
און דעם קאַמף פאַר פרייהייט צעפלאַקערט.

אין לאַנגן גלות, אין שרעקלעכער נויט,
האָט איר געטראָגן דעם גלויבן פון דורות גרייט
און דעם וויסטן פעלד צעאַקערט און פאַרזייט.
מיט נצחון האָבן חלוצים ניי לעבן פאַרשפּרייט.

פון נגב און גליל — איבער גרענעצן ווייט
די ברכה פון זון-אויפגאַנג און רעגן,
פון אַקערן מיט פּיאָש און פון שניט-צייט,
פון איינגעמען האָריזאָנטיקע וועגן.

פון בויען שטעט אויף זאַמדיקן באָדן,
אין אַ וועלט אָן מלחמה, אָן שטרייט,
ווי די זעונג פון די נביאים,
ווי אַמאָל אין דער פאַרגאַנגענער צייט.

## אין מדבר־וועג •

אין מדבר־וועג און אויף שפּיציקן פעלדז,
האָסט דערגרייכט און אַ וועג אויסגעלייגט,
האָסט צעאַקערט און פעלדער פאַרזייט,
מיט נצחון דאָס לאַנד אויסגעשפּרייט.

אינעם קאַמף האָסטו זיך געפונען
שטיינער און דערנער צענומען,
וואַסער־כוואַליעס אַריבערגעשווומען,
עקדישן און שלאַנגען בייגעקומען.

*

דורך ביינאַכטיקן מדבר־וועג
הילכט אַפּ אַ גרוי קול,
אַ צוריק־קלאַנג,
צום מיטלאַלטער פון אַמאָל —
פאַרפּייניקט זיינען אונדזערע דורות.

*

דורך גיהנום־פלאַמען, געניידערט צו וועלט־שאַנד,
געבראַכט טרייסט און אויסגעשטרעקט אַ ברודער־האַנט —
האָבן די חלוצים, פון אויסגעחלומטן לאַנד,
אונדז אַלעמען פאַרברידערט דורך דער געטאָ־וואַנט.

ארויסגעפירט די פּליטים, פון תהום זיי צו דערהויבן,
געשווומען אויף וואַסער־כוואַליעס און הימלישע הויכן.
פון רויטן זומפּ זיי דערהויבן צום מענטשלעכן גלויבן,
פאַר אַ געזונטן לעבן אין לאַנד פון ישראל דערגרייכן.

## באַפּרוכפּערט איז דער מדבר

באַפּרוכפּערט איז דער מדבר,
מיט פּירות און מיט ברויט,
און מי פון פלייסיקער אַרבעט,
פאַרטרייבסט די זאָרג פון נויט.

דעם זאַמדיקן באָדן פאַרפלאַנצט,
אין די ברענענדיקע זומער-טעג,
מיט געבעט פאַר רעגן און בליונג,
און אָפּגעהיט געפאַרן אויפן וועג.

אין די ישראלדיקע לבנה-נעכט,
באַוואַכט דיין שפע, דיין געצעלט.
אין גבורה פון יאָרן-לאַנגן געפעכט,
האָבן פונקען אויפגעגליט אין גלות-וועלט.

שטייען מיר דאָ מיט געהויבענעם קאָפּ פאַרגאַפּט,
און מיר שיקן אונדזער ברכה צום מוטיקן היינט.
באַשיצט זאָלט איר ווערן פון אַלע געפאַרן,
פון די נאָענטע שונאים און פון אייגענע פיינט.

# די גרויסע נבואה

א וויסטער מדבר איז געלעגן אויסגעשפרייט,
אונטערן ווייסן זאַמד, זאַפטיק ערד געלעגן גרייט,
פון טויזנטער יאָרן דערוואַרט האָט די צייט,
אַז חלוצים זאָלן קומען פון נאָענט און ווייט.

פאַר לאַנגע יאָרן געווען פאַרלאָזט דאָס אָרט,
צעווייטיקט געלעגן די מוטער־ערד דאָרט;
געטרוימט פון אַמאָל, פון העלדישער מאַכט,
געקעמפט האָט דאָס פאָלק און פרייהייט געבראַכט.

אין ליכט פון דורות, דערוואַכונג עס גליט,
פון וועלטס צאָרן, ווו מען האָט אונדז איינגעשמידט,
שפּראָצט איצט פון מי און פראַצע פרישע בליונג,
מען שמידט אַקעראייזנס ווי אין ישעיה'ס זעונג.

און עס ווערט מקוים די גרויסע נבואה,
מען נעמט שוין אָראָפּ די צייטיקע תבואה;
די אַרבעט איז ליב, די אַרבעט עס גליט,
עס בויט זיך דאָס לאַנד, מיט שטעט אין דער מיט.

## ישראלס קינדער

ווען אין דעם באַנייטן מזרח-לאַנד
האָט אַ בליאַסק אויף טאָג אויפגעשיינט,
האָט די פולע לבנה דורכן בלויען הימל,
דער אויפגייענדיקער זון מיט שלום געגריסט.

האָבן ישראלס קינדער פון שלאָף דערוואַכט,
דערפרישטע פון טוי און פון קילן ווינטל;
אויפן כביש זיך געטראָגן — אויסגערוטע פון דער נאַכט,
מיט אייזן און לאָגלען אין גאַנג צו דעם מדבר.

אין פרימאָרגן, איידער די זון נאָך גליט,
פלייסט מען זיך טיפער די וואָרצלען פאַרפלאַנצן,
אַז פון ווינט זאָל די זריעה ניט ווערן פאַרצערט
און ניט אויסגעריסן ווערן פאַר דער צייט.

און דער בלויער הימל מיט האָפענונג שיינט,
דער זילבער-וואָלקן דעם טאָג באַגלייט.
עס טוליען זיך ישראלס קינדער צו דער מוטערס שויס,
אויף רויטער ערד מיט בלומען פאַרשפרייט.

## אונדזער דערלייזונג

דער דור פון אַלע דורות, אויסדערוויילטער,
דאָס פאָלק פון אַלע פעלקער, אויסגעשיילטער,
וועמענס גלידער מען האָט געברענט צונטער,
אין וואָגל-וואַנדער, ניט געוואָלט אונטערגיין,
נאָר ווי שטאָלצער ייד, זיך האַלטן מונטער.
צו באַפרייען זיך פון שאַנד און צוואַנג.
פאַר קיינעם דעם קאָפּ ניט בייגן אַרונטער,
מיט כוח און מוט זיך גייסטיק דערהויבן,
און ביישטיין רדיפות מיט אייזערנעם גלויבן.
צערייסן שטעכיקע דראָטן פון פעלקער-האָס און צאָרן,
ווו מיר זיינען פאַראורטיילט פון יאָרן און יאָרן,
צו לעבן ווי פרעמדע בעטלער, ביים קאַקטוס-דאָרן.

עס שאַלט דער אָנזאָג, ווי דורך טראָמפּייטן.
עס גליט די יוגנט, צום קאַמף זיך גרייטן.
דער מדבר ליגט גרייט מיט בלומען און זאַנגען,
פון וואַסער-קוואַלן שטראָמט און פליסט אַ געזאַנג.
עס דערטראָגט זיך דער ניגון איבער די ימען,
די ברכה פון נייעם באָדן וואָס ווערט איינגענומען.
מיר באַהעפטן זיך אַלע ווי מיט לופט — קלאַנג.
מיר כאַפּן דאָ אויף און מיר זינגען צוזאַמען,
פון זייען, פון שניט-צייט פון שפע און פון צוכט,
פון זוניק-שיינענדע טעג, פון רעגנדיקע נעכט,
פון חלוצים-לאַנד, וואָס בויט און שאַפט, און שמידט,
וואָס לייזט אונדז אויס, ווי אין מצרים די קנעכט.

## ירושלים

ירושלים, דאָס האַרץ פון מדינת ישראל,
ירושלים, דאָס וויגעלע פון אייביקן שלום,
ירושלים, אונדזער געבעט אין הייליקע תפילות,
ירושלים, דער סימבאָל פון אייביקן חלום.

ירושלים, האָסט אונדז מיט הייליקייט געצונדן,
ירושלים, האָסט אונדז מיט נייע קרבנות געבונדן.
דו האָסט גייסטיקע אוצרות אין זיך באהעפטיקט,
און אין קאַמף אונדזער גלויבן באקרעפטיקט.

ירושלים, קיין שפאַן ערד דיינער וועט ניט געמינערט ווערן,
ירושלים, די קרוין פון מדינת ישראל וועט צו אונדז געהערן;
ווי אין די אבות-צייטן וועלן מיר דיך באערן,
ניט מער וועלן שונאים דיין הייליקייט צעשטערן.

מעג די פינצטערניש שטורמען מיט האַס און צאָרן —
מיר האָבן דאָס איבערגעלעבט אין די גלות-יאָרן.
אין מדינת ישראל וועט מען ביישטיין געפאַרן,
דער דור גיבורים איז אין קאַמף דערפאַרן.

ירושלים, אַ נייע שבועה וועט דאָס פאָלק דיר געבן,
ניט די האַנט אַליין, נאָר דאָס לעבן אוועקגעבן;
אין קאַמף פאַר דער פרייהייט פון ישראלס לאַנד,
וועלן מיר קעמפן צוזאַמען האַנט אין האַנט.

# אין פרייהייטס־יום־טוב

עס האָט די גאולה אויף באַרג און אויף טאָלן אויסגעשטראַלט,
אין פרימאָרגן־ליכט צום נייעם לעבן אויפגעשיינט.

עס האָבן די טויערן פון די קרעמאַטאָריעס אויפגעפּראַלט,
עס זיינען פון די קברים אַרויס אַלע, אַלע יונג און אַלט,

און געלאָזט זיך צום סיני־באַרג, ווו געגעבן איז די תורה,
און ליכט־שטראַלן האָבן ווונדן געהיילט און פאַרשטילט די מורא.

האָבן ליכטיקע פונקען אַלע וועלט־טיילן געוואַרעמט און געטריקנט
די טרערן,
האָבן די קדושים אין נייע הויטן באַקליידט זיך גערן.

ווען דער נביא יחזקאל האָט געפירט יעדן פאַר די הענט
צו זען דעם גרויסן נס, ווי געבויט דעם מדבר האָבן נומערירטע הענט —

האָבן יידישע הערצער מיט פרייד זיך פאַראייניקט אין גאָרער וועלט
פאַרן גרויסן דענקמאָל, וואָס מיט שווערער פּראַצע איז אויפגעשטעלט.

האָט ווי אַ בליץ־שטראַל די פרייד זיך צעטראָגן פון שטאָט צו שטאָט,
און מאַרשירט האָט דאָס פאָלק, ווי שמשון הגיבור, מיט פעסטן טראָט.

זיי גייען, זיי קומען, די בויער און טראָגן די ווייס־בלויע פאָן,
זיי טראָגן דעם מאָרגן, מיט טענץ און געזאַנג, זיי קומען אָן.

אין יום־טוב פון פרייהייט, פון גאַנצן פאָלק און זיין לאַנד,
האָט ישראל באַפעסטיקט איר קיום מיט אַן אייזערנער האַנט.

## יום העצמאות

עס ווערט געוואַשן די גרויע, גרויסע וועלט,
עס זיינען די ביימן ווי פון קוואַלן אָנגעפילט,
אַ פאַרביקער רעגן־בויגן האָט די וועלט באַשיינט;
דער אַקער פאַלדעוועט און שניידט דאָס פעלד;
די ערד מיט זריעה־זאַנגען האָט זיך צעקוועלט,
שפּראָצן בלומען, עס האָבן שטאַרקע ווינטן זיך צעשטיפט
און האָט אונדזער פאָלקס־צער צענומען, געשטילט
אין יום העצמאות.

פאָלק ישראל אין ניי־געבאָרן האָט אויפגעשיינט,
גייט לאַנד מיט בטחון אין לאַנגן וועג געאָרעמט,
צו ביישטיין קעגן אַלע נסיונות, קעגן יעדן פיינט;
ווערן יום־טובדיק באַפּוצט די גאַסן היינט,
אין יום העצמאות.

יונג און אַלט שטראָמען באַנאַנד געשפּאַנט,
מען מאַרשירט פאָרויס מיט געהויבענעם קאָפּ,
אונטערן פרייען הימל, אויף פרייער ערד געשיצט
מיט אויפבליענדער גבורה, אין נייעם טראָט,
אין יום העצמאות.

אויף בערג און אויף טאָלן זיך צינדן פאַקלען,
ווינטן צעווייען און צעפלאַטערן אונדזערע פאָנען,
ווי אָדלערס פליען אין דער לופטן די עראָפּלאַנען,
פאַרזיגלט דעם קיום, אין דער שעה פון געבאָט,
אין יום העצמאות.

אַ חלום פון טויזנטער יאָרן האָט לעבעדיק אויפגעשטראַלט,
און עס ווערט געוועבט און געפלאָכטן אַ לעבן צוזאַמען;
ווערט אַרבעט געהייליקט פאַר אַלע שבטים און שטאַמען;
אונדזערע שיפן שווימען אויף אַלע ימען,
אין יום העצמאות.

גוט יום־טוב אייך, פאַטערס און מוטערס פון ציון,
זען נאָר אויף איין רגע פון אייביקייט וואָלט איר אַרויס
און זען די קינדער מיט קופּער־בראַנדזענעם אָרעם גליען,
נעמען איין פעלדזן־בערג מיט שטאָלצן טראָט,
אין יום העצמאות.

# גוט יום־טוב אונדז, ברידער

גוט יום־טוב אונדז, ברידער, אַלץ פֿאַר אונדז שיינט,
מיר האָבן דערפילט פון דעם בורא זיין געטלעכע קראַפט.
דאָס פֿאָלק ישראל איז מיט גרויס פרייד באַהעפט היינט,
ווען וואונדער־כוחות האָבן זיך פֿאַר אונדז אַנטפּלעקט,
עס האָט די מוטער־ערד, ווי מיט זאַפטיקע בריסט,
פון טיפע טיפעניש, די אויל־קוואַלן אונדז ענטדעקט.
עס האָט אין דער מדינה, אַזוי רחבותדיק זיך צעפּליסט,
אַז קינדער פון ישראל זאָלן זיך קאָנען דערנערן,
און ווי אַ פֿאָטער וואָס האָט בשפע די קינדער צו שפייזן —
עס וועט מער ניט זיין קיין זיבן יאָר פון פֿאַרצערונג.
גאָטס האַנט האָט אונדזער גורל אויפן נייעם יאָר פֿאַרזיגלט,
פון פרייד און הצלחה, וואָס האָט אַ נייעם לעבן געגעבן,
און זאָגט אָן דער וועלט, פון קופּער־מינען, פון אויל־קוואַלן.
פון מינעראַלן און אוצרות אַלערליי, וואָס וועלן קומען.

טאַ פרייט זיך, יידן, מיט פיל בטחון, מיט פולן גלויבן,
פון דערלעבן דעם אויסלייז פון רדיפות און פון גלות.
פון אויפבויען, ווי נאָכן מבול, אין נייעם וועלטבאַשאַף.
פון צוזאַמענקלייבן די שבטים און גלידערן, גליד נאָך גליד,
און פעסטן רינג אויסשמידן פון גייסטיקן דערהויבן.

מיר פליען אין דמיון צו די העכסטע הויכן היינט,
ווי די ווייסע טויב פליט מיט גוטער בשורה אויבן,
מיט פרייד פון נייעם אויפקום צו ביישטיין יעדן פיינט.
טאַ פרייט זיך, ברידער, פלעכט זיך אוים אַ האָרא־טאַנץ,
און האַלט איין דאָס קלאַפּן פון דאָס צעוויייטיקט האַרץ,
און זאָל דער טראָט געשטאַרקט ווערן מיט פרישע כוחות.

האַנט אין האַנט, געאייניקט אַלע, אַלץ ברייטער, ברייטער
און פאַרשפּרייטער פלעכט אוים דעם בלומען־קראַנץ...
די וועלט זאָל אין דער שעה הערן אונדזער שטאָלצן קלאַנג,
וואָס שמידט אוים אַ ניי לאַנד מיט העלדישער גבורה.
אויף נייע וועגן, מיט נייער יוגנט, מיט פרייד־געזאַנג,
עם קלינגט פון אויסלייז, אויף פרייע וועגן, אַ גוטע בשורה,
וואָס שטראָמט פאַרוים פאַר אונדזער פאָלק אַנטקעגן.
שטייען מיר דאָ מיט טרערן, גערירט מיט אייך צוגלייך,
עם גיסט זיך ישראלם פרייד צו אונדז — אריבער אַלע ברעגן,
טאָ מזל־טוב אייך יידן, די וואָס זיינען מיט פרייד באַגליקט,
און מיר מאַכן די ברכה: שהחינו וקימנו והגיענו לזמן הזה, אמן!

# אינהאַלט

## ישראל